ווייַסרוסישע וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע
אינסטיטוט פאַר יידישער פּראָלעטאַרישער קולטור

וו. אי. לענין און י. וו. סטאַלין

# קעגן „בונד"

מינסק — 1933

# פאָרוואָרט

עס איז פאר קיינעם קיין סאָד ניט, אז אף דעם געביט פון פאָרשן די פארטיי־געשיכטע און די געשיכטע פון דער רעוואָליוציאָנערער און ארבעטער־באוועגונג האָבן זיך גאנץ קלאָר אנטפלעקט און אנטפלעקן זיך אָפט אויך איצט א גאנצע ריי אָפנייגן, פאלסיפיצירטע, ניט קיין מארקסיסטישע, אנטילע־נישע אָפשאצונגען, ווי דאָס האָט גלענצנדיק דערוויזן דער כ׳ סטאלין אין זיין היסטאָרישן בריוו אין דער רעדאקציע פון זשורנאל „פראָלעטארסקאיא רעוואָ־ליוציא״.

אזעלכע אָפנייגן און פאלסיפיצירונגען קען מען אָפט באמערקן אין דער פאָרשערישער ארבעט פון די, וועלכע האָבן אמאָל באלאנגט צו נאציאָנאליס־טישע און קליינבירגערלעכע פארטייען. צווישן די דאָזיקע „היסטאָריקער״ זיינען פאראן אזעלכע, וואָס באמיִען זיך מיט אלע מעגלעכקייטן צו פארטושירן דעם עמעסן כאראקטער פון די פארטייען, אין וועלכע זיי האָבן זיך אופגעהאָדעוועט און דערצויגן. עס איז דאָ בא זיי א שטרעבונג צו „דערוויזן״, אז די דאָזיקע פארטייען זיינען די „עמעסע רעוואָליוציאָנערע״ און „עמעס־מארקסיסטישע און באָלשעוויסטישע״ אָרגאניזאציעס. זיי באמיִען זיך צו באווייזן, ווי עס האָט זיך געלונגען אויסגעדריקט דער כ׳ פאָקראָווסקי (אין אן ארטיקל אין „פראוודא״ פון 7 נאָיאבער 1928־טן יאָר), אז נאָך אין 1800 יאָר זיינען זייערע זיידעס שוין געווען מארקסיסטן.

אף וויפל די דאָזיקע טענדענץ איז ארייַנגעדרונגען אין געביט פון היסטאָ־רישער און פאָרשערישער ארבעט, באווייַזן די פארזוכן צו אידעאליזירן דעם „בונד״, די ווייַסרוסישע „סאָציאַליסטישע הראָמאדע״, די פּ. פּ. ס. און אנדערע ענלעכע אָרגאניזאציעס. די פארזוכן האָבן זיך באזונדערס ארויסגעוויזן די לעצטע יאָרן אין ווייַסרוסלאנד, ווו א ריי כאווירים האָבן אף א פארמאסקירטן און גאנץ אָפט אף אן אָפענעם אויפן אנטשלאָסן דורכגעפירט דעם געדאנק, אז דער באָלשעוויזם אין ווייַסרוסלאנד פירט זיין אָנהייב פון דער אָרטיקער נאציאָנאלער באוועגונג, פון דעם אָרטיקן קליינבירגערלעכן סאָציאַליזם. מיר וועלן ברענגען א גאנצע ריי פאקטן, וואָס האָבן אין מעשעך פון די לעצטע עטלעכע יאָר זיך בוילעט ארויסגעוויזן אף דעם געביט פון פאָרשן די געשיכטע פון אונדזער פארטיי און דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. צום ערשטן וועלן מיר באווייַזן, ווי אזוי אונטער דער פאָן פון באָלשעוויזם ווערט פארשפרייט בונ־דיזם, און עס ווערן אופגעהאלטן די בונדישע טראדיציעס אין אונדזערע רייען

קעדיי דאָס צו באַווייזן, וועלן מיר זיין געצוווּנגען צו איבערכאַזערן אייניקע פאַקטן, וואָס זיינען מער אָדער ווייניקער באַקאַנט די לייענער.

דער, וואָס איז מער אָדער ווייניקער באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון אונדזער פּאַרטיי, ווייס, אַז דער „בונד“, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1897 יאָר ווי אַן עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע פון די קליינבירגערלעכע יידישע באַלמעלאָכעס, האָט אויף זיין ערשטן צוזאַמענפאָר אַפילו מוירע געהאַט זיך אָנצורופן סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, און דעריבער באַשלאָסן זיך אָנצורופן „דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער-בונד“. דער דאָזיקער נאָמען האָט געדאַרפט פאַרזיכערן פון דער געפאַר, אַז די יידישע באַלמעלאָכעס זאָלן באַטראַכטן דעם „בונד“ פאַר אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. כּוץ דעם האָבן די גרינדער פון „בונד“ גלייך אין אָנהויב געלייגט פאַר אַ גרונטשטיין אין דער אָרגאַניזאַציע פון „בונד“ מאַרטאָווס געדאַנק, וועלכן ער האָט אויסגעדריקט אין ווילנע אין 1895 יאָר. מאַרטאָוו האָט דאַן דערקלערט, אַז די יידישע אַרבעטער מוזן באַשאַפן אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע צו פאַרטיידיקן די „באַזונדערע אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער“. אין דעם ערשטן יאָר פון דעם „בונדס“ עקסיסטענץ האָבן זיינע גרינדער און פירער קלאָר און אָפן נאָך ניט גערעדט וועגן דעם, אַז דער „בונד“ ווערט געשאַפן, קעדיי צו פאַרטיידיקן די ספּעציפישע אינטערעסן פון יידישן פאָלק, און האָבן נאָך אַפילו אָנהייב 1898-טן יאָר זיך באַטייליקט אין דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ., און דער „בונד“ איז אַריין אויף אויטאָנאָמיע יעסוידעס אין דער ר. ס. ד. א. פּ. אָבער שוין גלייך נאָך דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ. האָט זיך אין דעם צענטראַלן אָרגאַן פון „בונד“ „אַרבעטער-שטימע“ נומ. 11 באַוויזן אַן אַרטיקל, אין וועלכן עס איז קלאָר און דייטלעך דערקלערט געוואָרן, אַז די אַלגעמיינע פּאַרטייישע אָרגאַניזאַציעס וועלן ניט זיין אומשטאַנד צו פאַרטיידיקן מיט דערפאָלג די ספּעציעלע אינטערעסן פון די יידישע מאַסן.

אין 1900-טן יאָר האָט דער „בונד“ אַרויסגעגעבן מאַרטאָווס רעדע „דער נייער ווענדפּונקט אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג“ און מיט דעם אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן צווישן די ברייטע שיכטן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט מאַרטאָווס נאַציאָנאַליסטישן געדאַנק וועגן דער נייטיקייט פאַר דעם יידישן אַרבעטער צו האָבן אַ באַזונדערע יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע.

אין דער צייט פון צוגרייטן דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ., איז לענין מיט דער גאַנצער שאַרפקייט אַרויסגעטראָטן קעגן „בונד“. אין בריוו צו כאַווערים האָט לענין דאַן געשריבן: „צוגרייטן די קאָמיטעטן קעגן „בונד“ איז איינע פון די סאַמע וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון מאָמענט“. אין אַ צווייטן בריוו צום כ' ראַדטשענקאָ האָט לענין געשריבן: „מיטן „בונד“ האַלט זיך זייער פּאָרזיכטיק און איינגעהאַלטן... דאָס איז ניט קיין זיכערער פריינט (אָדער אַפילו אַ סוינע)“. אין אַ ריי אַרטיקלען, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין „איסקראַ“, האָט לענין דעמאַסקירט דעם „בונד“.

דער נאַציאָנאַליזם און אָפּאָרטוניזם פון „בונד“ האָט געבראַכט דערצו, אַז אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ. האָט דער „בונד“ אַרויסגעשטעלט זיין פאָדערונג וועגן בויען די פּאַרטיי אויף פעדעראַטיווע יעסוידעס

און די פאָדערונג, אז דער צוזאמענפאָר זאָל אָנערקענען דעם „בונד" „אלס דעם איינציקן פאָרשטייער פון דעם יידישן פראָלעטאריאט". ווען די דאָזיקע נאציאָנאליסטישע פאָדערונגען פון „בונד" זיינען אָבער אָפּגעוואָרפן געוואָרן, האָט דער „בונד" פארלאָזן דעם צווייטן צוזאמענפאָר, איז אינגאנצן ארויס פון דער ר. ס. ד. א. פּ. און האָט אָנגעהויבן פירן קעגן דער פּארטיי א שענדלעכן קאמף. לענין און די אלטע „איסקרא" האָבן נאָכמער פארשטארקט דעם קאמף קעגן בונדישן נאציאָנאליזם. דער קאמף איז אריבערגעטראָגן געוואָרן אין אוקראינע, ווו דער „בונד" האָט ביז 1903 ניט געפירט קיין ארבעט. באזונדערס איז דער קאמף פארשארפט געוואָרן אין ווייסרוסלאנד, ליטע און פּוילן, אין דער אזוי גערופענער טעריטאָריע פון „בונד". דאָרט האָבן זיך געשאפן דער צאָפן-מיירעוו-קאָמיטעט פון דער ר. ס. ד. א. פּ. און דער פּאָלעסער קאָמיטעט, וועלכע האָבן געשאפן א גאנצע ריי גרופּעס פון דער ר. ס. ד. א פּ. די דאָזיקע אָרגאניזאציעס האָבן אין דער עפּאָכע פון דער רעוואָליוציע אין 1905־טן יאָר גרופּירט ארום זיך די מער רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן פון דער יידישער ארבעטערשאפט, און זיי איז אויסגעקומען צו פירן א שטענדיקן קאמף קעגן „בונד".

אין 1905-טן יאָר האָבן די באָלשעוויקעס ארויסגעגעבן אף יידיש פּראָקלא־מאציעס, די פּראָגראם פון דער ר. ס. ד. א. פּ. און א באריכט וועגן דעם דריטן צוזאמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ. צום באריכט האָט דער כ' לענין אָנגעשריבן א ספּעציעלע פאָרעדע, אין וועלכער ער האָט געשריבן:

„דער ערשטער צוזאמענפאָר פון אונדזער פּארטיי, וואָס איז פאָר־געקומען פרילינג 1898 יאָר, האָט זיך געשטעלט פאר זיין ציל צו באשאפן אָט די דאָזיקע איינקייט. קעדיי צו פארניכטן יעדן געדאנק וועגן איר נאציאָנאלן כאראקטער, האָט די פּארטיי זיך א נאָמען געגעבן ניט רוסישע, נאָר „רוסלענדישע". די אָרגאניזאציע פון די יידישע ארבע־טער, דער „בונד", איז ארייַן אין דער פּארטיי, ווי אן אווטאָנאָמער טייל. צום באדויערן, איז פון דאן אָן די פארייניקונג פון די יידישע און ניט-יידישע סאָציאָל־דעמאָקראטן אין איין פּארטיי, פארניכטעט געוואָרן. צווישן די טוער פון „בונד" האָבן זיך גענומען פארשפרייטן נאציאָנא־ליסטישע אידייעס, וואָס גייען אין א שארפן ווידערשפּרוך מיט דער גאנצער וועלט-אָנשויונג פון דער סאָציאָל-דעמאָקראטיע. אָנשטאָט דער שטרעבונג צו דערנענטערן די יידישע מיט די ניט-יידישע ארבעטער, האָט דער „בונד" געלאָזן זיך אף דעם וועג פון אָפּרייסן די ערשטע פון די לעצטע, ארויסשטעלנדיק אף זיינע צוזאמענפאָרן די אָפּגעזונ־דערטקייט פון די יידן ווי א נאציע. אָנשטאָט פאָרצוזעצן די ארבעט פון דעם ערשטן צוזאמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָצ. דעמ. ארבע־טער-פּארטיי אין דער זייט פון א נאָך שטארקערער פארייניקונג פון „בונד" מיט דער פּארטיי, האָט דער „בונד" געמאכט א שריט צו אָפּטיילן זיך פון דער פּארטיי.

„...דער צווייטער צוזאמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ. האָט, פארשטייט זיך, ניט געקאָנט אָנעמען אזעלכע באדינגונגען, וואָרעם אין א גאנצער

ריי געגנטן, צ. ב. אין דאָרעם־רוסלאַנד, געפינט זיך דער אָרגאַ־ניזירטער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין דער אַלגעמיינער פּאַרטיי־אָרגאַ־ניזאַציע. ניט רעכענענדיק זיך דערמיט, איז דער „בונד" אַרויסגעטראָטן פון דער פּאַרטיי און האָט, אויף אַזאַ אויפן, צעריסן די אייניקייט פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פּראָלעטאַריאַט" *.

די ווייטערדיקע עוואָליוציע פון „בונד" אויף רעכטס האָט אַלץ מער באַשטע־טיקט די אָפּשאַצונג, וואָס לעניו האָט געגעבן אין זיין פאָרעדע צום „באַריכט" וועגן דעם דריטן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר. אין 1905-טן יאָר האָט דער „בונד" איינגעשלאָסן אין זיין פּראָגראַם די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

אין 1905 איז דער „בונד" אַרויסגעטראָטן קעגן דעם לאָזונג פון אַ באַ־וואָפנטן אויפשטאַנד אונטערן אויסרייד, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז אים ניט בעקויעך אַרויסצורופן. אין אָקטיאַבער 1905 האָט לעניו וועגן דעם גע־שריבן: „מיר זיינען ניט בעקויעך אַרויסצורופן אַן אויפשטאַנד... דעריבער איז ניטאָ וואָס צו פאַרבינדן אים מיט דער דומע... דער לאָזונג פון אַגיטאַציע איז אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג". אָט אַזוי האָט געשריבן דער „בונד", און אים האָט ניט געגוגנדיק געענטפערט דער אויטער פון דעם אַרטיקל נום. 16.

די דאָזיקע ווערטער פון „בונד" זיינען אַן אויסגעצייכנטע אָפּשפּיגלונג פון קליינבירגערלעכקייט אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, קליינבירגערלעכ־קייט אין זינען פון געמיינקייט, פון גילדענעם מיטל־וועג, פאַרבלאָזיקייט, שאַ־בלאָן, מיטלמעסיקייט (אָט דאָס איז שטענדיק געווען דער „בונד", וואָס האָט געשפּילט אַ ראָליע פון אַן אידייִשן פּאַראַזיט, ווי עס איז באַוווּסט, אי אין די יאָרן 1897—1900, אי אין 1901—3, אי אין 1904, און אויך איצט אין 1905 יאָר)".

אין די יאָרן פון דער רעאַקציע האָט דער „בונד" זיך אָנגעשלאָסן אָן די ליקווי־דאַטערן, און ניט איין מאָל איז דעם כ' לעניו און אַנדערע באָלשעוויקעס אויסגעקומען אַרויסטרעטן קעגן דעם בונדישן נאַציאָנאַליזם און אָפּאָרטוניזם.

אויף אַ באַראַטונג פון צ. ק. ר. ס. ד. א. פּ., וואָס איז פאָרגעקומען אין דעקאַבער 1912 יאָר, איז אין אַ רעזאָליוציע וועגן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס געזאָגט געוואָרן וועגן „בונד" אַזוי:

„די באַראַטונג שטרייכט באַזונדערס אונטער דעם ערגסטן אָפּאָרטוניזם און ליקווידאַטאָרישקייט אין די באַשלוסן פון דער לעצטער „ניינטער" קאָנפערענץ פון „בונד", וואָס האָט באַזייטיקט דעם לאָזונג פון אַ רעפּובליק, האָט אָפּגע־רוקט אַפן הינטערשטן פּלאַן די אונטערערדישע אַרבעט און אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט פולשטענדיק פאַרגעסן די רעוואָליוציאָנערע אויפגאַבעס פון פּראָלע־טאַריאַט" **.

* פון דער פאָרעדע צו דער יידישער אויסגאַבע „באַריכט וועגן דעם דריטן צוזאַמענפאָר ר. ס. ד. א. פּ.".

** „אל. ק. פּ.(ב) אין רעזאָליוציעס פון אירע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן". ז. 159, אויסגאַבע פון 1927 י. מאָסקווע.

אף דער זעלביקער נײַנטער קאָנפערענץ פון „בונד" איז אין איינער פון די רעזאָליוציעס געזאָגט געוואָרן פאָלגנדיקעס: „מיר באַטראַכטן די פוילישע אַרבעטער, וואָס שטויסן אונדז אַרויס, ווי פּאָגראָמשטשיקעס, ווי גזלע, מיר שטיצן ניט זייערע שטרײַקן, מיר רײַסן זיי אַרונטער".

וועגן די דאָזיקע שאָוויניסטישע רייד און מעשׂים פון „בונד" האָט דער כ' סטאַלין דאַן געשריבן אין זײַן באַקאַנטער אַרבעט: „מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע": „דער „בונד" האָט דערגרייכט דעם ציל: ער צעגרענעצט די אַרבעטער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן ביז געשלעג, ביז שטרײַקברע-כערײַ".

אין דער זעלביקער אַרבעט שרײַבט דער כ' סטאַלין, אַז דער „בונד" ווענ-דעט אָן אַלע קויכעס צו „אָפּהיטן אַלץ וואָס איז ייִדיש, קאָנסערווירן אַלע נאַציאָנאַלע באַזונדערקײַטן פון די ייִדן, ביז די אויסגעשפּראָכן־שעדלעכע פאַרן פּראָלעטאַריאַט אַרײַנגערעכנט, אָפּגרענעצן די ייִדן פון אַלץ, וואָס איז ניט ייִדיש, אַפילו שפּיטאָלן באַזונדערע אײַנאָרדענען,—אָט צו וואָס דער „בונד" האָט זיך אַראָפּגעלאָזן".

וועגן די מעשׂים פון „בונד" אין דער צײַט פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה האָט דער „סאָציאַל־דעמאָקראַט" געשריבן:

„דער „בונד" איז די איינציקע אָרגאַניזאַציע אין אַלטן „אינטערנאַציאָנאַל", וואָס האָט שוין איצט געגעבן אַ געוויסן סינטעז פון סאָציאַל־שאָוויניזם פון ביידע ריכטונגען: אין וואַרשע און אין לאָדז ריידן מיר אַף דעם דיאַלעקט פון שיידעמאַנען, אין מינסק און אין האָמעל ריידן מיר אַף דעם דיאַלעקט פון גוואָזדיאָוו".

אָט דאָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער „בונד" ביז ערעוו דער פאַר-ניכטונג פון דער זעלבסטהערשונג. נאָך דער פעווראַל־רעוואָליוציע האָט זיך דער אָפּאָרטוניזם פון „בונד" נאָך בוילעטער אַנטפּלעקט. אין סאַמע אָנהויב פון דער רעוואָליוציע איז דער „בונד" געוואָרן אַ פאַרטיידיקער פון דער צײַטווײַליקער רעגירונג און דער ביטערסטער סוינע פון דער אַרבעטער-רעוואָליוציע און באָלשעוויזם. אין דער צײַט פון דער דעמאָנסטראַציע דעם 18-טן יוני 1917 יאָר, ווען דער פּעטראָגראַדער פּראָלעטאַריאַט איז אַרויס אַף די גאַסן מיט לאָזונגען: „נידער מיט די צען מיניסטאָרן קאַפּיטאַליסטן", „די גאַנצע מאַכט די סאָוועטן", איז דער „בונד" צוזאַמען מיט די דאָנער קאָזאַקן און פלעכאַנאָווס גרופּע „איי-ניקײַט" אַרויסגעגאַנגען מיט די לאָזונגען—„פולער צוטרוי דער צײַטווײַליקער רעגירונג". אין די טעג פון דער יול־רעאַקציע איז די בונדישע פּרעסע ניט אָפּגעשטאַנען פון דער גאַנצער בורזשואַזער פּרעסע מיט אירע שענדלעכע רע-כילעס קעגן לענינען און אַנדערע באָלשעוויסטישע פירער און מיט דעם מיט-געהאָלפן דער אימפּעריאַליסטישער צײַטווײַליקער רעגירונג צו אָנעמען נאָך שטרענגערע רעפּרעסיעס קעגן די באָלשעוויקעס.

אַפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטן, ווען עס איז פּראָקלאַמירט גע-וואָרן, אַז די מעלוכע-מאַכט גייט אַריבער אין די הענט פון די סאָוועטן, האָבן די פירער פון „בונד" קוואַליפיצירט די דאָזיקע גרעסטע היסטאָרישע פּאַסירונג, ווי אַ מעשוגאַעס און ווי אַ ניט־דערלאָזבאַרן „פאַרברעכן", וואָס די באָלשעווי-קעס באַגייען בענעגייע דעם רוסלענדישן אַרבעטער-קלאַס און דער אינטער-

נאציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און האָבן אַלס צייכן פון פּראָטעסט קעגן דער דאָזיקער „מעשוגאַעס" און „פאַרברעכן" דעמאָנסטראַטיוו פאַרלאָזן דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטן.

אין דעם סאַמע אָנגעשטרענגסטן פּעריאָד פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע איז דער „בונד" געשטאַנען אויף דער צווייטער זייט פון די באַריקאַדן. אין אַ סאַך ערטער איז ער אַקטיוו אַרויסגעטראָטן קעגן די סאָוועטן. אין מינסק האָט דער „בונד" אין דעקאַבער 1917-טן יאָר געמאַכט אַ פאַרזוך צו אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינעם שטרייק קעגן דער סאָוועטנמאַכט; אין וויטעבסק זיינען די בונדיסטן אין די אָקטיאַבער־טעג געשטאַנען בעראָש פון דער קאָנטער־רעוואָליוציע און האָבן קעגנגעשטעלט דעם באָלשעוויסטישן רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט זייער אייגענעם געשאַפענעם „מיליטערישן ראַט"; אויף אוקראַינע זיינען די פאָרשטייער פון „בונד" געווען די סאַמע אָנגעזעענסטע מיטאַרבעטער אין דער פּעטליורישער ראַדע און האָבן אַקטיוו מיטגעהאָלפן פּעטליורען אין זיין קאַמף קעגן דער סאָוועטנמאַכט.

וואָס מער ס'איז פאַרשאַרפט געוואָרן דער בירגערקריג, אַלץ מער זעען מיר אַ גרויסן טייל פון „בונד" אין לאַגער פון דער קאָנטער־רעוואָליוציע. אין סאַמע געפערלעכסטן מאָמענט פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע זיינען אייניקע פירער אָפן אַריבער אויף דער זייט פון די, וואָס האָבן מיט געווער אין די הענט זיך געשטעלט קעגן דער סאָוועטנמאַכט: ליבער איז אין דער צייט געווען אַ מיטהעלפער פון דעם טשעכאָ־סלאָוואַקישן אויפשטאַנד. טיילן פון בונדישע אָרגאַניזאַציעס נעמען אַן אָנטייל אין די ווייסגוואַרדייישע אויפשטאַנדן אין יאַראָסלאַוול, אין באָגאָראָדסק, ניזשנעגאָראָדער גובערניע; זומער 1918 יאָר באַטייליקט זיך דער „בונד" אין דעם פאַרזוך צוזאַמענצורופן אַ צוזאַמענפאָר פון קלוימערשטיקע „אַרבעטער־באַפולמעכטיקטע", וואָס האָט זיך געשטעלט אַ ציל אומצוּוואַרפן די סאָוועטנמאַכט. ווען די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע עסערן און אַנאַרכיסטן האָבן דערהאַרגעט די כאַווייריםם אורינצקי און וואָלאָדאַרסקי און געמאַכט דעם אָנפאַל אויף לענינען, האָבן די בונדישע צייטונגען „דער וועקער" און „די פאָלקס־צייטונג" באַרעכטיקט די דאָזיקע שענדלעכע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע מייסים.

אין ווייסרוסלאַנד האָבן פאָרשטייער פון „בונד" באַגעגנט די דייטשישע אָקופּאַנטן אין פעברואַל 1918 יאָר ווי „באַפרייער פון דעם אומדערטרעגלעכן יאָך פון די באָלשעוויקעס". ס'איז כאַראַקטעריסטיש דערביי, אַז אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג פון דער מינסקער שטאָטישער דומע, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָכדעם, ווי די דייטשן האָבן אָקופּירט מינסק, האָט דער פאָרשטייער פון „בונד" געזאָגט: „ענדלעך האָבן מיר ווידער די מעגלעכקייט זיך פריי צו פאַרזאַמלען אין דער שטאָט־דומע". די פאָרשטייער פון „בונד" זיינען אַריין אין באַשטאַנד פון דער ווייסרוסישער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער ראַדע.

די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע ראָליע פון „בונד" האָט געבראַכט דערצו, אַז די מער פּראָלעטאַרישע עלעמענטן האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן זיינע רייען און אַריינטרעטן אין די רייען פון ר. ק. פּ. (ב). אין משך פון 1917 ביז 1919 יאָר האָט קימאַט דער גאַנצער רעוואָליוציאָנערער טייל פאַרלאָזן

דעם „בונד“. אין 1920 יאָר, צום סאָף פון בירגערקריג, ווען אין בונד“ זײַנען נאָר פארבליבן נישטיקע רעשטלעך, האָט זיך דער „בונד“ צום דריטן מאָל צעשפּאָלטן, און דער לינקער טייל האָט אין א רעזאָליוציע דערקלערט: „ס'איז געקומען די צײַט, אז דער „בונד“ קען נעמען אף זיך די פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דער סאָוועטנמאכט און קאָן אָנעמען די פּראָגראם פון קאָמינטערן“. און אין אפּרעל 1921 זײַנען די לעצטע רעשטלעך פון די „לינקע“ בונדאָווצעס ארײַנגעטראָטן אין דער פּארטיי.

דער פארבליבענער רעכטער פליגל האָט ווײַטער פאָרגעזעצט זײַן פריִערדיקע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טעטיקײַט. די רעכטע פירער פון „בונד“, בראָש מיט אבראמאָוויטשן, האָבן עמיגרירט קײַן אויסלאנד, און זיי פירן ביזן הײַנטיקן טאָג א שענדלעכן קאמף קעגן סאָוועטנפארבאנד. דער צענטער פון דער גאנצער בונדישער טעטיקײַט איז איצט געוואָרן פּוילן, ווו דער „בונד“ פירט אונטער דער שוץ פון פּילסודסקיס זשאנדארמעריע א קאמף קעגן דער קאָמוניסטישער פּארטיי פון פּוילן און קעגן קאָמינטערן.

פון דעם איז געדרונגען, אז ווען מירריידן וועגן „בונד“ און „בונדיזם“, טאָר מען בעשום־אופן ניט פארדעקן דעם אָפּאָרטוניזם און נאציאָנאל-שאָוויניזם פון „בונד“ ביז דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע און זײַן קאָנטער-רעוואָליוציאָנערן כאראקטער נאָך דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע. פארקערט, פאר יעדן באָלשעוויק שטייט גאנץ אקטועל די פראגע צו דעמאסקירן דעם „בונד“ און אופווײַזן זײַן עמעסן כאראקטער, קעדיי דורך דעם מיטצוהעלפן אונדזערע כאווײרים אין פּוילן אין קאמף קעגן די בונדישע פארעטער פון ארבעטער-קלאס. צום באדויערן, מוז מען קאָנסטאטירן, אז אָנשטאָט צו פירן א קאמף קעגן בונדיזם, וועלכער האָט נאָך איצט אזא אקטועלע באדײַטונג, באמערקן מיר זייער אָפּט די לעצטע יאָרן א פאָרקערטע דערשײַנונג: מיצאד א גאנצער ריי כאווײרים געוועזענע בונדאָווצעס איז געווען, און טיילווײַז איז נאָך דאָ, א טענדענץ צו אידעאליזירן דעם „בונד“ און אים פאָרשטעלן ווי א מין באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציע אין דער רעוואָליוציע פון 1905־טן יאָר און פארדעקן זײַן קאָנטער-רעוואָליוציאָנערן כאראקטער אין דער עפּאָכע פון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע.

די פּארטיי־ריינִיקונג, וואָס קומט איצט פאָר, באשטעטיקט נאָכאמאָל, אז די ארבעט פון די פאלסיפיקאטערס און קאָנטראבאנדיסטן האָט נאָך א געוויסע ווירקונג אף א טייל געוועזענע מיטגלידער פון „בונד“.

די פּארטיי-אָרגאניזאציע פון ווײַסרוסלאנד האָט געגעבן א געהעריקן ווידערשטאנד די נײַ-געבאקענע אידעאליזאטערס פון „בונד“ (ווי טשערניאווסקי א. אנד.), אָבער דער קאמף איז נאָך ניט פארענדיקט. פאר אונדז שטייט נאָך א גרויסע אופגאבע: „... אופהייבן די פראגעס פון דער געשיכטע פון באָלשעוויזם אף דער געהעריקער הויך, אוועקשטעלן די דערלערנונג פון דער געשיכטע פון אונדזער פּארטיי אף וויסנשאפטלעכע, באָלשעוויסטישע רעלסן און פארשארפן די אופמערקזאמקײַט קעגן די טראָצקיסטישע און אלע אנדערע פאלסיפיקאטערס פון דער געשיכטע פון אונדזער פּארטיי, ארָאפּרײַסנדיק סיסטעמאטיש פון זיי די מאסקעס“ (סטאלין „וועגן אייניקע פראגעס פון דער געשיכטע פון באָלשעוויזם“).

* * *

דער אינסטיטוט פאר יידישער פראָלעטארישער קולטור בא דער ווייסרו-סישער וויסנשאפט־אקאדעמיע האָט צוגעגרייט צום דרוק א גרויסן זאמלבוך פון קימאט אלץ, וואָס לענין האָט געשריבן קעגן „בונד". פונעם זאמלבוך „לענין קעגן „בונד" וועט מיט דער גאנצער בוילעטקייט קלאָר ווערן, ווי אזוי לענין האָט אף אלע עטאפן פון אונדזער פארטיי־געשיכטע געקעמפט קעגן דעם נאציאָנאליזם און אָפּאָרטוניזם פון „בונד".

דאָס בוך „לענין קעגן „בונד" וועט האלטן ארום 30 דרוקבויגן און וועט ארויס פון דרוק אין אָקטיאבער 1933 י. דערווייל לאָזן מיר ארויס אין א באַזונדערער בראָשור אייניקע ארטיקלען פון דעם דאָזיקן זאמלבוך מיט א קאַפּיטל פון כ' סטאלינס בארימטער ארבעט: „מארקסיזם און די נאציאָנאלע פראגע", וואָס איז געווענדעט קעגן „בונד". די דאָזיקע בראָשור וועט, אָן שום סאָפעק, העלפן די יידישע ארבעטנדיקע זיך צו באקאָנען מיטן נאציאָנאליזם און אָפּאָרטוניזם פון „בונד", קעגן וועלכע די באָלשעוויסטישע פארטיי אונטער דער אָנפירונג פון לענין און סטאלין האָט קעסיידער געקעמפט.

ש. (ס.) אגורסקי

---

ו. אי. לענין און י. ו. סטאלין

# קעגן „בונד״

רוסלענדער סאציאלדעמאקראטישע ארבייטערפארטיי.

פראלעטאריער אלער לענדער. פעראייניגט אייך!

# בעריכט

## איבער דעם ג־טען קאנגרעס

פון דער —

## רוסלענדער סאציאל־דעמאקראטישער ארבייטער־פארטיי.



מיט א פארווארט

פון דער רעדאקציאן פון דעם צענטראל־ארגאן פון דער פארטיי

און מיט א ביילאגע פון די פארטיי־סטאטוטען

און פון די וויכטיגסטע רעזאלוציאנען

פון 3־טען קאנגרעס.

איינגעגעבען פון דעם צענטראלען קאמיטעט פון דער ר. ס. ד. א. פ.

שארבלאט פון דער ערשטער באָלשעוויסטישער בראָשור אין יידיש מיט לענינס א ספעציעלע ווענדונג „צו די יידישע ארבעטער“ (זע ז. 39), אין וועלכער ער איז אפן שארפסטן אויפן ארויסגעטראָטן קעגן דעם נאציאָנאליזם און אָפּאָרטוניזם פון „בונד“.

די בראָשור איז דערשינען אין 1905 יאָר.

# וועגן דער מעלדונג פון „בונד"

מיר האָבן נאָרוואָס באַקומען דעם נומ. 106 פון די „פּאָסלעדניע איזוועס־טיא פון „בונד" (פון 21/3־טן יאַנוואַר), אין וועלכן עס איז פאַראַן אַ מי־טיילונג וועגן זייער אַ וויכטיקן, אנטשיידנדיקן און העכסט־טרויעריקן שריט פונעם „בונד". עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אין רוסלאַנד איז דערשינען אַ מעל־דונג פון צענטראַל־קאָמיטעט פונעם „בונד" וועגן דער מיטיילונג פונעם אָרגאַ־ניזיר־קאָמיטעט. איבעריקנס וואָלט געווען ריכטיקער צו זאָגן: אַ מעלדונג וועגן דער אָנמערקונג אין דער מיטיילונג פונעם אָ. ק., ווייל גראָד מיט דער דאָזיקער איין אָנמערקונג פאַרנעמט זיך דעריקער דער „בונד" אין זיין מעלדונג.

עס האַנדלט זיך אָט אין וואָס. ווי אונדזערע לעזער ווייסן, האָט דער אָ. ק. געזאָגט אין אָט דער שרעקלעכער „אָנמערקונג", וואָס צוליב איר (קלוימערשט צוליב איר!) האָט זיך אויפגעהויבן דער גאַנצער טומל, בוכשטעבלעך אַזוי:

„דעם „בונד" איז אויך פאָרגעלייגט געוואָרן צו שיקן זיינעם אַ פאָרשטייער אין אָ. ק., אָבער צוליב סיבעס, פאַר אונדז אומבאַוווּסטע, האָט זיך דער „בונד" ניט אָפּגערופן אויף אונדזער פאָרשלאָג. מיר האָפן, אַז די דאָזיקע סיבעס זיינען געווען ריין צופעליקע, און דער „בונד" וועט טאַקע אומגעזאַמט צושיקן זיין פאָרשטייער".

פרעגט זיך, וואָס קאָן זיין נאַטירלעכער און אומשולדיקער פון דער דאָזי־קער אָנמערקונג? ווי האָט דער אָ. ק. געקאָנט אַנדערש האַנדלען? פאַרשוויינגן דעם „בונד" וואָלט געווען ניט ריכטיק, ווייל דער אָ. ק. האָט אים ניט איגנאָ־רירט, און האָט אים אויך ניט געקאָנט איגנאָרירן, קאָלזמאַן דער „בונד" גייט אַריין, אויפן גרונט פון דעם באַשלוס פונעם פאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון 1898־טן יאָר, אין דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פאַרטיי. און אויב ניט פאַרשוויינגן, איז דאַרף מען זאָגן, אַז מיר האָבן איינגעלאַדן. דוכט זיך דאָס איז קלאָר? און נאָכמער קלאָר איז, אַז אויב די סיבעס, פאַרוואָס דער „בונד" האָט געשוויגן זיינען דעם אָ. ק. געווען אומבאַוווּסט, האָט ער גע־מוזט טאַקע אַזוי זאָגן: „צוליב סיבעס פאַר אונדז אומבאַוווּסטע". מיט דעם צוגעבן די ווערטער: „מיר האָפן, אַז די סיבעס זיינען געווען ריין צופע־ליקע און אַז דער „בונד" וועט אומגעזאַמט צושיקן זיין פאָרשטייער",— האָט דער אָ. ק. אָפן און קלאָר געמאָלדן וועגן זיין ווונטש צו אַרבעטן אינאיינעם מיטן „בונד" אויף אָרגאַניזירן דעם צוזאַמענפאָר און ווידערופשטעלן די פאַרטיי.

קלאָר, אויב דער „בונד" וואָלט אויך געהאַט דעם זעלביקן ווונטש, וואָלט אים בלויז פאַרבליבן צו שיקן זײַן פאָרשטייער, וועלכן מע האָט אײַנגע-לאַדן סײַ אף א קאָנספּיראַטיוון וועג, סײַ אין א געדרוקטער מעלדונג. אָנ-שטאָט דעם, פאַרפירט דער „בונד" א פּאָלעמיק מיט אן אָנמערקונג (!!) און אין א געדרוקטער מעלדונג גיט ער איבער באַזונדער און סעפּאַראַט זײַנע מיינונגען און זײַנע אָנשויונגען אף די אופגאבעס פונעם אָ. ק., אף די באַדינגונגען פון צונויפרופן דעם צוזאמענפאָר. פריִער איידער מיר באַטראַכטן די „פּאָלעמיק" פונעם „בונד", איידער מיר אנאליזירן זײַנע אָנשויונגען, מוזן מיר אפן אנטשיידנדיקסטן אופן פּראָטעסטירן קעגן דער ארויסטרעטונג פון „בונד" מיט א באַזונדערער געדרוקטער מעלדונג, ווײַל די דאָזיקע ארויס-טרעטונג איז אויווער אף די עלעמענטאַרסטע קלאָלים פון געמיינזאַם פירן די רעוואָליוציאָנערע ארבעט, און באַזונדערס די אָרגאַניזיר-ארבעט. איינס פון די צוויי, מײַנע הערן: אָדער איר ווילט ניט ארבעטן אין איין אַלגעמיי-נעם אָ. ק., און דעמלט וועט, פאַרשטייט זיך, קיינער קיין טײַנעס ניט האָבן פאַר אײַערע סעפּאַראַטע ארויסטרעטונגען. אָדער איר ווילט יאָ ארבעטן אינײנעם, און דעמלט זײַט איר מעכויעוו ארויסצוזאָגן אײַערע מיינונגען ניט סעפּאַראַט פאַרן אוילעם, נאָר פאַר די כאַוויירים פון אָ. ק., און אָט דער אָ. ק. טרעט שוין ארויס, ווי א גאַנצעס, עפנטלעך.

דער „בונד" אליין זעט, פאַרשטייט זיך, אויסגעצייכנט, אז זײַן ארויסטרעטונג איז א פּאַטש אין פּאָנים אלע קלאָלים פון כאַווערישן פירן א געמיינזאַמע ארבעט און ער פּרוּווט זיך אָנוועגדן די פּאָלגנדיקע, שוין גאָר שוואַכע, פאַר-ענטפערונג: „אזוי ווי מיר האָבן ניט געהאַט קיין מעגלעכקײַט אויסצודריקן אונדזערע אָנשויונגען אף די אופגאבעס פונעם פאָרשטייענדיקן צוזאמענפאָר ניט דורך פּערזענלעך אָנטייל נעמען אין דער באַראַטונג, ניט דורך אָנטייל נעמען אין רעדאגירן די „מיטיילונג", זײַנען מיר געווען געצווונגען כאָטש ביז א גע-וויסער מאָס צו פאַרפולן אָט דעם בלויז אין דער איצטיקער מעלדונג". פרעגט זיך, ניט שוין זשע וועט דער „בונד" מיינען ערנסט צו באַהויפּטן, אז ער „האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקײַט" צו שיקן א בריוו אין אָ. ק.? אָדער שיקן א בריוו אין פּעטערבורגער קאָמיטעט? אין דער אָרגאַניזאַציע „איסקרא", אין „יוזשני ראַבאָטשי"? און שיקן א דעלעגאַט אין איינער פון די דאָזיקע אָר-גאַניזאַציעס איז אויך ניט געווען קיין מעגלעכקײַט? צי האָט זיך דער „בונד" געפּרוּווט צו מאַכן כאָטש איינעם פון אָט די „אומעגלעך" שווערע שריט, באַ-זונדערס, מיסטאָמע, שווערע פאַר אַזאַ שוואַכינקער, אומדערפאַרענער אָרגאַני-זאַציע, וועלכע האָט ניט קיינע שום פאַרבינדונגען, ווי דער „בונד"?

נימאָ זיך וואָס צו שפּילן אין באַהעלטעניש, מײַנע הערן! דאָס איז אי ניט קלוג, אי ניט ווירדיק. איר זײַט ארויסגעטראָטן סעפּאַראַט, ווײַל איר האָט געוואָלט ארויסטרעטן סעפּאַראַט. און געוואָלט האָט איר ארויסטרעטן סע-פּאַראַט, קעדיי מיטאמאָל צו באַווײַזן און דורכצופירן אײַער באַשלוס צו אוועקשטעלן אף א נײַעם באָדן די באַציִונגען צו די רוסישע כאַוויירים: ניט ארײַנצוגיין אין דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ארבעטער-פּאַרטיי אפן גרונט פונעם סטאַטוט פון 1898-טן יאָר, נאָר געפינען זיך אין א פעדעראַציע פאַרבאַנד מיט איר. אָנשטאָט צו באַהאַנדלען די דאָ-

זיקע פראגע אויספירלעך און אלזײַטיק פארן גאנצן צוזאמענפאָר, ווי דאָס האָבן געוואָלט טאָן מיר, וואָס האלטן זיך שוין זייער לאנג אָפּ פון פאָרזעצן די פּאָלעמיק, וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן איבער דער פראגע וועגן פעדעראטיווקײַט און נאציאָנאליטעט, — ווי דאָס האָבן, אָן ספּעק, געוואָלט טאָן אלע אָדער די אומגעהייערע מערהײַט פון די רוסישע כאווירים, אָנשטאָט דעם האָט איר אראָפּגעריסן די געמיינזאמע באהאנדלונג. איר זײַט ארויסגעטראָטן ניט ווי א כאווער פון פעטערבורג, פון דאָרעם, פון „איסקרא", וואָס וויל איניינעם מיט זיי באהאנדלען (סײַ פארן צוזאמענפאָר, סײַ אפן צוזאמענפאָר) די בעסטע פאָרמע פון באציִונגען, — איר זײַט גלײַך ארויסגעטראָטן ווי א צאד, באזונדער פון אלע מיטגלידער פון דער ר. ס. ד. א. פּ., וואָס שטעלט דער דאָזיקער גאנצער פארטיי זײַנע באדינגונגען.

מיט געוואלד וועסטו ניט געפעלן ווערן, זאָגט א רוסיש שפּריכוואָרט. אויב דער „בונד" וויל ניט פארבלײַבן אין אָט דעם ענגסטן צוזאמענבונד מיט דער רוסל. סאָצ.-דעמ. ארב.-פארטיי, וואָס עס האָט ריכטיק אָנגעמערקט דער צוזאמענפאָר פון 1898-טן יאָר, וועט ער, פארשטייט זיך, ניט פארבלײַבן אין די אלטע באציִונגען. מיר לייקענען ניט אָפּ זײַן „רעכט" דורכצופירן זײַן מיינונג און זײַן ווונטש (מיר ווענדן ביקלאל ניט אָן, אָן דער עקסטער נויט, קיין רייד וועגן „רעכט" אין דער רעוואָליוציאָנערער זאך). נאָר מיר באדויערן זייער, וואָס דער „בונד" האָט פארלאָרן יעדן געפיל פון טאקט, דורכפירנדיק זײַן מיינונג דורך א באזונדערער עפנטלעכער ארויסטרעטונג אין דער זעלביקער צײַט, ווען מע האָט אים אײַנגעלאדן אין דער געמיינזאמער אָרגאניזאציע (אָ. ק.), וועלכע זאָגט ניט ארויס פון פריִער קיין שום קאטעגאָרישע מיינונג וועגן דער דאָזיקער פראגע און וועלכע רופט צונויף דעם צוזאמענפאָר גראָד אף צו באהאנדלען אלע און קאָלערליי מיינונגען.

דער „בונד" האָט געוואָלט פּראָוואָצירן, אז אלע, ווער עס קוקט אנדערש אף דער פראגע, זאָלן טייקעף ארויסזאָגן זייער מיינונג. נו, איז וואָס! פון דעם וועלן מיר, פארשטייט זיך, זיך ניט אָפּזאָגן. מיר וועלן זאָגן דעם רוסישן און וועלן ספּעציעל איבערכאזערן דעם יִדישן פּראָלעטאריאט, אז די איצטיקע פירער פונעם „בונד" באגייען אן ערנסטן פּאָליטישן פעלער, וועלכן עס וועט, אָן ספּעק, פאריכטן די צײַט, עס וועט פאריכטן די דערפארונג, עס וועט פאריכטן דער וווקס פון דער באוועגונג. אמאָל האָט דער „בונד" געשטיצט דעם עקאָנאָמיזם, האָט מיטגעהאָלפן דער שפּאלטונג אין אויסלאנד, ער האָט אָנגענומען באשלוסן, אז דער עקאָנאָמישער קאמף איז דאָס בעסטע מיטל פון פּאָליטישער אגיטאציע. מיר זײַנען ארויסגעטראָטן קעגן דעם און האָבן געקעמפט. און דער קאמף האָט געהאָלפן אויסבעסערן די אלטע פעלערן, פון וועלכע עס איז איצט, מיסטאָמע, אפילע קיין שפּור ניט פארבליבן. מיר האָבן געקעמפט קעגן די טעראָריסטישע פארבלענדענישן, וועלכע זײַנען פארבײַ, ווײַזט אויס, נאָך אסאך גיכער. מיר זײַנען זיכער, אז עס וועלן פארבײַגיין אויך די נאציאָנאליסטישע פארבלענדענישן. דער יִדישער פּראָלעטאריאט וועט, סאָפּקאָלסאָף, פארשטיין, אז די ענגסטע אייניקײַט מיטן רוסישן אין איין פארטיי ווערט

געפאָדערט דורך זײַנע ברענענדיקסטע אינטערעסן, אַז עס איז דער גרעסטער אומזין צו אנטשיידן פון פריִער, צי וועט די עוואָליוציע פון דעם יִידנטום אינעם פרײַען רוסלאַנד זיך אונטערשיידן פון זײַן עוואָליוציע אין דער פרײַער אייראָפּע, אַז דער „בונד" דאַרף ניט גיין ווײַטער פון דער פאָדערונג (אין דער רוסלענד. סאָצ.־דעמ. ארב.-פּאַרטיי) פון יענער פולער אווטאָנאָמיע אין די איניאַ־נים, וועלכע האָבן א שײַכעס צום יִדישן פראָלעטאַריִאַט, וואָס איז פולשטענ־דיק אָנערקענט געוואָרן דורכן צוזאַמענפאָר פון 1898-טן יאָר און וואָס קיינער האָט קיינמאָל ניט אָפּגעלייקנט.

לאָמיר זיך אָבער אומקערן צו דער מעלדונג פון „בונד". די אָנמערקונג צו דער „מיטיילונג" פונעם אָ. ק. רופט ער אָן א „צווײדײַטיקע". דאָס איז א ליגן, וואָס שטייט אפן גרענעץ פון אינסינואציע. דער צ. ק. פון „בונד" אָנערקענט אליין מיט א פּאָר שורעס ווײַטער, אַז „די סיבעס, פארוואָס אונדזער פאָרשטייער איז ניט געווען אף דער באראַטונג, זײַנען ריין צופעליקע". און וואָס האָט געזאָגט דער אָ. ק.? ער האָט אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז דער פאָרשטייער פון „בונד" איז ניט געקומען צוליב א צופעליקער סיבע. איר באַ־שטעטיקט אליין זײַן האשאָרע און אליין בייזערט איר זיך. פארוואָס? ווײַטער. דאָס צופעליקע קאָן קיינער ניט וויסן פון פאָרויס. הייסט עס, אַז די ווערטער פונעם אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד", אַז דער אָ. ק. האָט קלוימערשט געוווּסט די סיבעס, וועלכע האָבן געשטערט צו קומען, זײַנען אינגאַנצן ניט באַגרינדעט. דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" שפּילט ביקלאל די סאַמע ניט אָנשטענדיקע ראָליע אין דער דאָזיקער געשיכטע: דער אויסלענדישער קאָמי-טעט פון „בונד" גיט צו צו דער מעלדונג פון צ. ק. פון „בונד" זײַנע אויס־טראַכטענישן, וואָס שטייען אין א דירעקטן ווידערשפּרוך אפילע מיט די רייד פונעם צ. ק. גופע! ווי אזוי האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" געקאָנט דערגיין, אַז דער אָ. ק. האָט געוווּסט די סיבעס, פארוואָס דער „בונד" איז ניט געווען, ווײַבאַלד עס איז אײַנגעלאַדן געוואָרן דער צ. ק. (און ניט דער אויסל. קאָמיטעט) פון „בונד"? ווען דער צ. ק. פון „בונד" גופע האַלט די סיבעס פון דער אָפּוועזנהײַט פאר ריין צופעליקע??

„מיר זײַנען זיכער,—זאָגט דער צ. ק. פון „בונד",—אַז ווען די איניציִאַטאָרן פון דער באראַטונג וואָלטן אָנגעווענדעט עטוואָס מער אָנשטרענגונג, וואָלטן די דאָזיקע צופעליקע סיבעס ניט געקאָנט שטערן אונדז אָפּצורופן זיך"... מיר וואָלטן געפרעגט יעדן אָנפּניִעסדיקן מענטשן: אויב צוויי כאַווײרים, וואָס קלײַבן זיך צונויפפאָרן זיך אין אָ. ק., אָנערקענען איינשטימיק, אַז די סיבעס, וואָס האָבן געשטערט דער באַגעגעניש, זײַנען געווען „ריין צופעליקע", צי איז דען פאַסיק, צי איז עס אָנשטענדיק אופצוהייבן אָן עפּנטלעכע פּאָלע־מיק וועגן דעם, ווער איז מער שולדיק אין דעם ניט קומען? פון אונ-דזער זײַט וועלן מיר באַמערקן, אַז מיר האָבן שוין לאַנג אויסגעדריקט (פאַר-שטייט זיך, ניט אין דער פּרעסע, נאָר אין א בריוו) אונדזער באַדויערן וועגן דער אָפּוועזנהײַט פון „בונד", און מע האָט אונדז מיטגעטיילט, אַז דער „בונד" איז אײַנגעלאַדן געוואָרן צווײמאָל: ערשטנס, דורך א בריוו, און, צווייטנס, דורך א פּערזענלעכער מיטיילונג דורכן ...ער קאָמיטעט פון „בונד".

דער דעלעגאט איז געקומען קימאט אין א כוידעש ארום נאָך דער באראטונג, קלאָגט זיך דער „בונד״. יאָ, דאָס איז טאַקע א שרעקלעכער פארברעך, וואָס מע דארף וועגן דעם, פארשטייט זיך, אָפּדרוקן, ווײַל ער שטרײַכט באזונ-דערס בוילעט אונטער די פּינקטלעכקײַט פונעם בונד״, וואָס האָט זיך ניט אויסגעקליבן צו שיקן א דעלעגאט אפילע אין צוויי כאדאָשים ארום!

דער דעלעגאט „האָט ניט אויסגעפילט זײַן צוזאָג״ צו שיקן די „מיטיילונג״ פונעם אָ. ק., אין מאנוסקריפּט אָדער געדרוקט, אָבער אומבאדינגט פארן פארשפרייטן אים... מיר ראטן אונדזערע רוסישע כאווירים ניט צו ריידן מיט געוויסע מענטשן אָן פּראָטאָקאָלן. אָט האָבן מיר אויך געהאט א צוזאָג פון דער אָרגאניזאציע „איסקרא״ צו שיקן אונדז אי דעם מאנוסקריפּט, אי א גע-דרוקטן עקזעמפּליאר פון דער „מיטיילונג״, פונדעסטוועגן האָבן מיר דעם מאנו-סקריפּט גאָר ניט געהאָט, און דעם געדרוקטן עקזעמפּליאר האָבן מיר דערזען פּיל שפּעטער, איידער די מיטגלידער פון אָרגאניזאציעס, וואָס האָבן ניט קיין באציִונגען מיט דער אָרגאניזאציע פון „איסקרא״. זאָלן די בונדאָווצעס לייזן די פראגע, צי וואָלט עס געווען אָנשטענדיק פון אונדזער זײַט, אויב מיר וואָלטן אָנגעהויבן אין דער פּרעסע באשולדיקן די אָרגאניזאציע פון „איסקרא״ אין ניט האלטן איר צוזאָג? דער דעלעגאט פון אָ. ק. האָט צוגעזאָגט דעם צ. ק. פון „בונד״ גלײַך אָנשרײַבן דעם כאווער, וואָס האָט זיך באשעפטיקט מיט דרוקן די „מיטיילונג״, וועגן פארהאלטן דאָס דאָזיקע דרוקן: אָטאָ דאָס איז געווען דער ווירקלעכער צוזאָג (אפוויפל מיר קאָנען אורטיילן לויט אונדזערע ידיִעס). ער איז אויסגעפילט געוואָרן, אָבער עס האָט זיך ארויסגעוויזן פאר אומעגלעך צו פארהאלטן דאָס דרוקן, ווײַל עס איז קיין צײַט ניט פארבליבן צו פארבינדן זיך מיט דער טעכניק.

מיר רעזומירן: די איניציאַטערן פון אָ. ק. האָבן געשריבן בריוו, האָבן פּערזענלעך מיטגעטיילט דורכן ...ער קאָמיטעט, האָבן געשיקט א דעלעגאט אין צ. ק. פון „בונד״, און דער בונד״ האָט אין א מעשעך פון כאדאָשים ניט געשיקט קיין איין בריוו, אָפּגערעדט שוין וועגן שיקן א דעלעגאט! און דער „בונד״ טרעט נאָך ארויס אין דער פּרעסע מיט באשולדיקונגען! און דער אויסל. קאָמ. פון „בונד״ האָט נאָך אין זיך די מאָדנעקײַט צו פארזיכערן, אז „מאָדנע״ האָבן זיך אופגעפירט די איניציאַטערן פון דער באראטונג, אז זייערע מײַסים שטייען אין א שארפן ווידערשפּרוך מיט זייער ציל, אז זיי האָבן ארויסגעוויזן אן „אײַלעניש״ (דער צ. ק. פון „בונד״ באשולדיקט, פארקערט, אין לאנגזאמ-קײַט!), אז זיי ווילן „מאכן דעם אײַנדרוק״, אז דער „בונד״ האָט זיך קלוי-מערשט „באצויגן אינדיפערענט״!!

אונדז פארבלײַבט נאָך צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן באשולדיקן דעם אָ. ק., אז ער האָט ניט געמאכט דעם „איינציק-ריכטיקן אויספיר״, וועלכער באשטייט אין דעם: „וויבאלד די פּארטיי עקסיסטירט ניט פאקטיש, דארף דער פאָרשטייענדיקער צוזאמענפאָר טראָגן דעם כאראקטער פון א גרינדונג-צוזאמענ-פאָר, און דעריבער דארף דאָס רעכט צו באטייליקן זיך אין אים בעהערן אלע עקסיסטירנדיקע אין רוסלאנד סאָצ.-דעמ. אָרגאניזאציעס, סײַ פון דער רוסי-שער, סײַ פון אלע איבעריקע נאציִאָנאליטעטן״. דער „בונד״ פּרוּווט זיך ארומ-גײן דעם אומאָנגענעמען פאקט פאר אים, וואָס, ניט האָבנדיק קיין איינהײַטלעכן

צענטער, עקסיסטירט די רוסלענד. סאָצ.־דעמ. ארב.-פארטיי אין א ריי קאָמי-
טעטן און אָרגאנען, זי האָט דעם „מאניפעסט" און די באשלוסן פונעם ערשטן
צוזאמענפאָר, אף וועלכן עס זײַנען, אגעוו, אויך אין נאָמען פונעם יידישן פראָ-
לעטאריאַט געוועזן טעטיק מענטשן, וואָס האָבן זיך נאָך ניט ארויסגעוויזן פאר
קיין בעריעס אין עקאָנאָמישע, טעראָריסטישע און נאציאָנאליסטישע וואקלונגען.
מיט דעם וואָס דער „בונד" האָט פאָרמעל ארויסגערוקט די „רעכט" פון „אלע"
נאציאָנאליטעטן אף גרינדן די שוין לאנג געגריינדעטע רוסל. סאָצ.־דעמ. ארב.־
פארטיי, באשטעטיקט ער באשײַמפערלעך, אז דאפקע צוליב דער פראגע וועגן
דער בארימטער „פעדעראציע" האָט ער טאקע אופגעהויבן די גאנצע מײַסע.
אָבער ניט דער „בונד" וואָלט באדארפט אָנהייבן ריידן וועגן דער דאָזיקער
פראגע, און ניט וועגן „רעכט" דארף דאָ גיין א רייד צווישן ערנסטע רעוואָ-
ליוציאָנערן. דאָס וואָס אפן טאָג-אָרדענונג שטייט דאָס צונויפשליסן און פארײַ-
ניקן דעם הויפט-יאָדער פון דער רוסל. סאָצ. דעמ. ארב.-פארטיי, דאָס איז
אלעמען באוווסט. מע קאָן ניט ניט מיטפילן דער פאָרשטייערשאפט פון „אלע"
נאציאָנאליטעטן אפן צוזאמענפאָר, אָבער מע טאָר אויך ניט פארגעסן, אז וועגן
פארברייטערן דעם יאָדער אָדער וועגן א פארבאנד צווישן אים מיט
אנדערע אָרגאניזאציעס קאָן מען טראכטן ערשט נאָכדעם, ווי עס וועט
זיך פארענדיקן די אויסבילדונג פון דעם דאָזיקן יאָדער
(אָדער אמווייניקסטן נאָך זײַן זיכערער פארפעסטיקונג). קאָלזמאן מיר זײַנען אליין
ניט געוואָרן איינהײַטלעך-אָרגאניזאציאָנעל און האָבן זיך ניט געשטעלט פעסט
אף א זיכערן וועג, וועט די פאריייניקונג מיט אונדז גאָרנישט ניט געבן „אלע
איבעריקע" נאציאָנאליטעטן! און באשליסן די פראגע וועגן דער מעגלעכ-
קייט (און ניט וועגן דעם „רעכט", מײַנע הערן!) פון א פאָרשטייערשאפט פאר
„אלע איבעריקע" נאציאָנאליטעטן אף אונדזער צוזאמענפאָר הענגט אָפּ
פון א גאנצער ריי טאקטישע און אָרגאניזאציאָנעלע שריט פונעם אָ. ק. און פון
די רוסישע קאָמיטעטן, הענגט אָפּ, מיט איין וואָרט, פונעם דערפאָלג פון
דער טעטיקייט פונעם אָ. ק. און דאָס, אז דער „בונד" האָט גלײַך פון אָנהייב
אָן זיך גענומען צו שטעלן פלעקער אין די רעדער פונעם אָ. ק., — דאָס איז
א היסטאָרישער פאקט.

„איסקרא", נומ. 33, 1 פעוראל 1903 יאָר.
באנד 5, זז. 236 — 240.

# צי איז נייטיק דעם יידישן פראָלעטאריאַט
# א „זעלבשטענדיקע פּאָליטישע פּארטיי"

אין נומער 105 פון די "Последние Известия„ (פון 28/15 יאנוואר 1903-טן יאָר), וואָס ווערן ארויסגעגעבן דורכן „אויסלענדישן קאָמיטעט פונעם אלגעמיינעם יידישן ארבעטער-בונד אין ליטע, פוילן און רוסלאנד", אינעם ארטיקעלע „וועגן איינער א פּראָקלאמאציע" (נעמלעך, דער פּראָקלאמאציע פונעם קאטערינאָסלאווער קאָמיטעט פון דער רוסל. סאָצ.-דעמ. ארב.-פּארטיי), געפינען מיר פאָלגנדיקע באהויפּטונג, וועלכע איז פּונקט אזוי ווונדערלעך, ווי. וויכטיק און בעעמעס „פּרוכפּער מיט רעזולטאטן": „דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אויסגעבילדעט (sic!) אין א זעלבשטענדיקער (sic!) פּאָליטישער פּארטיי „בונד".

מיר האָבן דאָס ביז איצט ניט געוווסט. דאָס איז א נייעס.

ביז איצט איז דער „בונד" געווען א באשטאנד-טייל פון דער רוסל. סאָצ. דעמ. ארב.-פּארטיי און נאָך (נאָך!) אינעם נומער 106 פון די „פּאָסלעדניע איזוועסטיא" טרעפן מיר א מעלדונג פונעם צענטראל-קאָמיטעט פון „בונד" מיט א קעפּל איבער דער דאָזיקער מעלדונג: „רוסל. סאָצ.-דעמ. ארב.-פּארטיי" עמעס, דער „בונד" האָט באשטימט אף זיין לעצטן, פערטן צוזאמענפאָר צו ענדערן זיין נאָמען (אָן אן אויסרייד וועגן א ווונטש אויסצוהערן די מיינונג פון די רוסישע כאוויירים איבער דער פראגע וועגן דעם נאָמען פון דעם אָדער יענעם טייל פון דער רוסל. סאָצ.-דעמ. ארב.-פּארטיי) און „דורכצופירן" נייע פעדעראטיווע באציִונגען אינעם סטאטוט פון דער רוסלענדישער פּארטיי. דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" האָט שוין טאקע אפילע „דורכגעפירט" די דאָזיקע באציִונגען, אויב מע קאָן אָנרופן מיטן דאָזיקן נאָמען זיין ארויסטרעטן פונעם אויסלענדישן פארבאנד פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראטן און דאָס שליסן א פעדעראטיוון אָפּמאך מיטן דאָזיקן פארבאנד.

אָבער דער „בונד" גופע האָט, בייס „איסקרא" האָט פּאָלעמיזירט מיט די באשלוסן פון זיין פערטן צוזאמענפאָר, גאנץ באשטימט געמעלדעט, אז ער האָט בעדייע בלויז דורכצופירן אין דער ר. ס. ד. א. פּ. זיינע ווונטשן און באשלוסן, דאָס הייסט, ער האָט אָפן און קאטעגאָריש אָנערקענט, אז ער פארבלייבט א טייל פון דער ר. ס. ד. א. פּ., ביז די דאָזיקע פּארטיי וועט ניט אָננעמען דעם נייעם סטאטוט, ביז זי וועט ניט אויסארבעטן קיין נייע פאָרמעס פון באציִונגען צום „בונד".

און מיטאמאָל ווײַזט זיך איצט ארויס, אז דער יידישער פּראָלעטאריאַט האָט זיך שוין אויסגעבילדעט אין א זעלבשטענדיקער פּאָליטישער פּארטיי! מיר כאזוערן נאָכאמאָל איבער: דאָס איז א נײַס.

פּונקט אזא נײַס איז דער בייזער און ניט קלוגער אָנפאל פונעם אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד" אפן קאטערינאָסלאווער קאָמיטעט. מיר האָבן, ענדלעך, באקומען (האגאם, צום באדויערן, מיט א גרויסער פארשפּעטיקונג) די דאָזיקע פּראָקלאמאציע און מיר זאָגן, ניט וואקלענדיק זיך, אז דער אָנפאל אף אזא פּראָקלאמאציע שטעלט פאָר מיט זיך, אָן ספּק, א גרויסן פּאָליטישן שריט מיצאד דעם „בונד"*. דער דאָזיקער שריט שטימט אינגאנצן מיטן דערקלערן דעם „בונד" פאר א זעלבשטענדיקער פּאָליטישער פּארטיי און ווארפט, פון זײַן זײַט, א העלע ליכט אף דער פיזיאָנאָמיע און די ארט האנדלונגען פון דער דאָזיקער נײַער פּארטיי.

צום באדויערן, שטערט אונדז דער מאנגל אין אָרט איבערצודרוקן אינגאנצן די קאטערינאָסלאווער פּראָקלאמאציע (זי וואָלט פארנומען בא א צוויי שפּאלטן פון „איסקרא")** און מיר וועלן זיך באגרענעצן מיט דער באמערקונג, אז די דאָזיקע אויסגעצייכנטע פּראָקלאמאציע דערקלערט גלענצנדיק די יידישע ארבעטער פון דער שטאָט קאטערינאָסלאוו (מיר וועלן באלד דערקלערן, פארוואָס מיר שטרײַכן אונטער די דאָזיקע ווערטער) די סאָצ.-דעמ. באציִונג צום ציאָניזם און אנטיסעמיטיזם. דערבײַ באציט זיך די פּראָקלאמאציע אף אזויפיל זאָרגעוודיק, כאווערישזאָרגעוודיק צו די געפילן, שטימונגען און ווונטשן פון די יידישע ארבעטער, אז זי רעדט ספּעציעל אויס און שטרײַכט אונטער די נייטיקײַט צו קעמפן אונטער דער פאָן פון דער ר. ס. ד. א. פּ. „אפילע קעדיי אײַנצוהאלטן און ווײַטער צו אנטוויקלען אײַער (די פּראָקלאמאציע ווענדעט זיך צו יידן — ארבעטער) נאציאָנאלע קולטור", „אפילע צוליב ריין נאציאָנאלע אינטערעסן" (אונטערגעשטראָכן און אויסגעזועצט מיט קורסיוו אין דער פּראָקלאמאציע גופע).

און פונדעסטוועגן איז דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" (מיר האָבן שיר ניט געזאָגט: דער צ.ק. פון דער נײַער פּארטיי) אָנגעפאלן אף דער דאָזיקער פּראָקלאמאציע דערפאר, וואָס זי האָט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן דעם „בונד". אָט דאָס איז איר איינציקער, אָבער דערפאר אומפארגעבלעכער, שרעקלעכער, פארברעכן. אָט פארוואָס דער קאטערינאָסלאווער קאָמיטעט ווערט באשולדיקט, אז אים פעלט „פּאָליטישער זינען". די קאטערינאָסלאווער כאווײרים ווערן געשטראָפט דערפאר, וואָס זיי האָבן „נאָך אלץ ניט איבערגעקאָכט דעם געדאנק וועגן דער נייטיקײַט פון א באזונדערער אָרגאניזאציע (א טיפער און וויכטיקער געדאנק!) פון די קרעפטן (!!) פונעם יידישן פּראָלעטאריאַט", דערפאר, וואָס „זיי טראָגן זיך נאָך אלץ ארום מיטן אומזיניקן טרוים ווי עס איז פון אים (פונעם „בונד") פּאָטער צו ווערן", וואָס זיי פארשפּרייטן די „ניט ווייניקער שעדלעכע (איידער די ציאָניסטישע) באָבעמײַסע"

* אויב, פארשטייט זיך, דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" דריקט אויס אין דער דאָזיקער פראגע די אָנשויונגען פונעם „בונד" ווי א גאנצן.

** מיר האָבן בעדייע איבערצודרוקן אינגאנצן די דאָזיקע פּראָקלאמאציע און דעם אָנפאל אף איר פונעם אויסל. קאָמ. פון „בונד" אין א בראָשור, וועלכע מיר גרייטן צו צום דרוק.

וועגן דעם צוזאמענבונד פונעם אנטיסעמיטיזם מיט די בורזשואזע, און ניט מיט די ארבעטערשע שיכטן און מיט די אינטערעסן פון די דאָזיקע שיכטן. אָט פּארוואָס מע אייצעט דעם קאטערינאָסלאווער קאָמיטעט „אוועקצוווארפן די שעדלעכע געוווינהייט צו פארשוויַיגן די זעלבשטענדיקע יידישע ארבעטער־באוועגונג“ און „שאָלעם מאכן מיטן פאַקט פון דער עקסיסטענץ פונעם „בונד“.

איצט פרעגט זיך: צי איז דאָ ווירקלעך פאראן א פארברעך מיצאד דעם קאטערינאָסלאווער קאָמיטעט? צי האָט ער ווירקלעך אומבאדינגט געדארפט דערמאָנען וועגן דעם „בונד“? אף די דאָזיקע פראגעס קען זיַין בלויז א נעגאטיווער ענטפער שוין צוליב דער איינפאכער סיבע, וואָס די פּראָקלאמאציע ווענדעט זיך ניט צו „יידן — ארבעטער ביקלאל (ווי עס באצייכנט זי אבסאָליוט ניט ריכטיק דער אויסל. קאָמ. פון „בונד“), נאָר „צו די יידישע ארבעטער פון דער שטאָט קאטערינאָסלאוו“ (דער אויסל. קאָמ. פון „בונד“ האָט פארגעסן צו ציטירן די צוויי לעצטע ווערטער!). אין קאטערינאָסלאוו איז ניט פאראן קיין שום בונדישע אָרגאניזאציע (און ביקלאל איז בענעגייע דאָרעם־רוסלאנד האָט דער פערטער צוזאמענפאָר פון „בונד“ באשטימט ניט איַינצואָרדענען קיין באזונדערע קאָמיטעטן פון „בונד“ אין יענע שטעט, ווו די יידישע אָרגאניזאציעס גייען אריַין אין באשטאנד פון די פּארטיי־קאָמיטעטן, ווו זייערע נויטן קאָנען פולקום באפרידיקט ווערן, ניט אויסטיילנדיק זיך פון די דאָזיקע קאָמיטעטן). וויבאלד די יידן—ארבעטער זיַינען ניט אָרגאניזירט אין קאטערינאָסלאוו אין א באזונדערן קאָמיטעט, איז, הייסט עס, אז מיט זייער באוועגונג (אומטיילבאר מיט דער גאנצער ארבעטער־באוועגונג פון דער געגעבענער געגנט) פירט אָן אינגאנצן דער קאטערינאָסלאווער קאָמיטעט, דורך וועלכן זיי ווערן דירעקט אונטערגעאָרדנט אונטער דער ר. ס. ד. א. פּ., וועלכע דארף זיי רופן צו ארבעט פאר דער גאנצער פּארטיי, און ניט פאר איינצלנע טיילן אירע. קלאָר, אז בא אזעלכע באדינגונגען איז דער קאטערינאָסלאווער קאָמיטעט ניט נאָר ניט געווען מעכויעוו צו דערמאָנען וועגן דעם „בונד“, נאָר, פארקערט, אויב אים וואָלט איַינגעפאלן צו פּריידיקן „די נייטיקייט פון א באזונדערער אָרגאניזאציע פון די קרעפטן (דאָס וואָלט ריכטיקער און ווארשיַינלעכער געווען אן אָרגאניזאציע פון קראפטלאָזיקייט * פונעם יידישן פּראָלעטאריאט“ (וואָס דאָס ווילן די בונדיסטן), וואָלט עס, פון זיַין זיַיט, געווען דער גרעסטער פעלער און ער וואָלט פּאָשעט אויווער געווען ניט נאָר אף דעם סטאטוט פון דער פּארטיי, נאָר אויך אף די אינטערעסן פון דער איינהייטלעכקייט פונעם פּראָלעטארישן קלאסנקאמף.

* גראָד אזא זאך פון אן „אָרגאניזאציע פון קראפטלאָזיקייט“ דינט דער „בונד“, בייס ער באנוצט, לעמאָשל, דעם אויסדרוק: אונדזערע כאוויירים פון די „קריסטלעכע ארבעטער־אָרגאניזאציעס“. דאָס איז פונקט אזוי ווילד, ווי דער גאנצער אויספאל קעגן דעם קאטערינאָסלאווער קאָמיטעט. מיר ווייסן ניט פון קיינע שום „קריסטלעכע“ ארבעטער־אָרגאניזאציעס. די אָרגאניזאציעס, וועלכע געהערן צו דער ר. ס. ד. א. פּ., האָבן קיינמאָל ניט געמאכט קיין אונטערשייד צווישן זייערע מיטגלידער לויט זייער רעליגיע, האָבן זיי קיינמאָל ניט געפרעגט וועגן זייער רעליגיע און וועלן דאָס קיינמאָל ניט טאָן,—אפילו אויך דעמלט, ווען דער „בונד“ זאָל זיך ווירקלעך „אויסבילדן אין א זעלבשטענדיקער פּאָליטישער פּארטיי“.

ווײַטער. דער קאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט ווערט באַשולדיקט, אַז עס פעלט אים „אָרִיענטירטקײַט“ אין דער פראַגע וועגן אַנטיסימיטיזם. דער אויטאָר. קאָמ. פון „בונד“ ווײַזט אַרויס בעעמעס ײִנגלשע אָנשויונגען אויף גרויסע סאָציאַלע באַוועגונגען. דער קאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט רעדט וועגן דער **אינטערנאַציאָנאַלער** אַנטיסעמיטישער באַוועגונג פון די **לעצטע יאָרצענדליקער** און באַמערקט, אַז „פון דײַטשלאַנד האָט די דאָזיקע באַוועגונג איבערגעוואַנדערט אין אַנדערע לענדער און האָט אומעטום געפונען אָנהענגער דאַפקע צווישן די בורזשואַזע, און ניט צווישן די אַרבעטערשע שיכטן פון דער באַפעלקערונג“ — „דאָס איז אַ ניט ווייניקער שעדלעכע באָבעמײַסע“ (איידער די ציאָניסטישע מײַסעס), — שיסט אויס שוין גאָר בייז דער אויסל. קאָמ. פון „בונד“. דער אַנטיסעמיטיזם „האָט געלאָזן וואָרצלען אין דער אַרבעטער-מאַסע“. ווי אַ באַווײַז דערצו ברענגט דער „אָרִיענטירטער“ „בונד“ צוויי פאַקטן: 1) דער אָנטייל פון אַרבעטער אין משענסטאָכאָווער פּאָגראָם און 2) די האַנדלונג פון 12 (**צוועלף**!) אַרבעטער-קריסטן אין זשיטאָמיר, וועלכע האָבן פאַרנומען די ערטער פון שטרײַקער און האָבן געדראָט „אויסצוקוילענען אַלע זשידעס“. — באַווײַזן, ווירקלעך, וואָגיקע, באַזונדערס דער לעצטער! די רעדאַקציע פון די „Последния Известия“ איז אַזוי צוגעוווינט צו אָפּערירן מיט גרויסע שטרײַקן פון 5 אָדער 10 מאַן, אַז די האַנדלונג פון 12 פינצטערע אַרבעטער אין זשיטאָמיר ווערט אַרויסגעשלעפּט אויף אָפּצושאַצן דעם צוזאַמענבונד פון אינטערנאַציאָנאַלן אַנטיסעמיטיזם מיט די אָדער אַנדערע „שיכטן פון דער באַפעלקערונג“. דאָס איז, בעעמעס, גרויסאַרטיק! אויב די בונדאָוצעס וואָלטן, אָנשטאָט זייער ניט קלוגן און לעכערלעכן קאַעס קעגן דעם קאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט, עטוואָס אַ טראַכט געטאָן איבער דער דאָזיקער פראַגע און וואָלטן אַ קוק געטאָן כאָטשבי אין קאַוטסקיס בראָשור וועגן דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס זיי האָבן מיט אַ קורצער צײַט צוריק אַרויסגעגעבן אין זשאַרגאָן, וואָלטן זיי פאַרשטאַנען דעם **אָנסאָפעקדיקן** צוזאַמענבונד פונעם אַנטיסעמיטיזם מיט די אינטערעסן דאַפקע פון די בורזשואַזע, און ניט פון די אַרבעטערשע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. וואָלטן זיי נאָך אַ ביסל אַ טראַכט געטאָן, וואָלטן זיי געקאָנט באַנעמען אויך דאָס, אַז דער געזעלשאַפטלעכער כאַראַקטער פונעם איצטיקן אַנטיסעמיטיזם ענדערט זיך ניט פונעם פאַקט, וואָס אין דעם אָדער יענעם פּאָגראָם נעמען אָן אָנטייל ניט נאָר צענדליקער, נאָר אויך הונדערטער ניט אָרגאַניזירטע און אויף ניין צענטל נאָך גאָר פינצטערע אַרבעטער.

דער קאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט האָט זיך אופגעהויבן קעגן (און געזעצלעך, זיך אופגעהויבן קעגן) דער באָבעמײַסע פון די ציאָניסטן וועגן דער אייביקייט פונעם אַנטיסעמיטיזם, און דער „בונד“ האָט מיט זײַן בייזער אויסבעסערונג בלויז פאַרפּלאָנטערט די פראַגע און האָט פאַרשפּרייט צווישן די ײִדישע אַרבעטער אידייעס, וועלכע פירן צום **פאַרטונקלען** זייער קלאַסנבאַוווסטזײַן.

פונעם שטאַנדפּונקט פון קאַמף פונעם גאַנצן אַרבעטער-קלאַס פון רוסלאַנד פאַר פּאָליטישער פרײַהײַט און פאַר סאָציאַליזם איז דער אויספאַל פונעם „בונד“ קעגן דעם קאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט העכסט אומקלוג. פונעם שטאַנדפּונקט פון אַ „זעלבשטענדיקער פּאָליטישער פּאַרטיי פון „בונד“ ווערט דער דאָזיקער

אויספאל פארשטענדלעך: דערוועגט זיך ניט אינערגעץ צו אָרגאניזירן די „ייִדישע“ ארבעטער אינײנעם און אומטיילבאר מיט די „קריסטלעכע“! דערוועגט זיך ניט צו ווענדן זיך אין נאָמען פון דער ר. ס. ד. א. פּ. אָדער פון אירע קאָמיטעטן צו די ייִדישע ארבעטער דירעקט, „פארבײַ דער ריי“, ניט דורך דער פארמיטלונג פונעם „בונד“, ניט דערמאָנענדיק וועגן דעם „בונד“!

אָבער, אָט דער טיף־טרויעריקער פאקט איז דאָך ניט קיין צופעליקײַט, וויבאלד אָנשטאָט אווטאָנאָמיע אין זאכן, וואָס זײַנען נעגייע דעם ייִדישן פּראָלעטאריאַט, האָט איר ארויסגעשטעלט די פּאָדערונג פון א „פעדעראציע“, — איז אײַך אויסגעקומען צו דערקלערן דעם „בונד“ פאר א „זעלבשטענדיקער פּאָליטישער פּארטיי“, קעדיי צו האָבן די מעגלעכקײַט דורכצופירן די דאָזיקע פעדעראציע, וואָס עס זאָל ניט זײַן. אָבער דערקלערן דעם „בונד“ פאר א זעלבשטענדיקער פּאָליטישער פּארטיי הייסט דאָך טאקע דערפירן ביז אן אבסורד דעם גרונט־פעלער אין דער נאציאָנאלער פראגע, וואָס ווערט אומבאדינגט און אומפארמײַדלעך זײַנען ווי אַן אויסגאנג־פּונקט פאר א קער אין די אָנשויונגען פון ייִדישן פּראָלעטאריאַט און פון די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראטן ביקלאל. די „אווטאָנאָמיע“ פונעם סטאטוט פון 1898־טן יאָר זיכערט דער ייִדישער ארבעטער־באוועגונג אלץ, אין וואָס זי קאָן זיך נייטיקן: פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע אין זשארגאָן, ליטעראטור און צוזאמענפאָרן, ארויסשטעלן באזונדערע פּאָדערונגען אלס אנטוויקלונג פון איין געמיינזאמער סאָצ.־דעמ. פּראָגראם און באפרידיקן די אָרטיקע נויטן און פּאָדערונגען, וועלכע דרינגען ארויס פון די באזונדערקײַטן פונעם ייִדישן שטייגער. אין אלעם איבעריקן איז נייטיק א פולע און ענגסטע צוזאמענגיסונג מיטן רוסישן פּראָלעטאריאַט, נייטיק צוליב די אינטערעסן פונעם קאמף פונעם גאנצן פּראָלעטאריאַט פון רוסלאנד. און ניט באגרינדעט איז, לויט דער עצעם זאך, די מוירע פאר יעדער „מאיאָריזירונג“ בא אזא צוזאמענגיסונג, ווײַל פון מאיאָריזירט ווערן אין די באזונדערע פראגעס פון דער ייִדישער באוועגונג גאראנטירט גראָד די אווטאָנאָמיע, און אין די פראגעס פון קאמף מיט דער זעלבסטהערשונג, פון קאמף מיט דער בורזשואזיע פון גאנצן רוסלאנד דארפן מיר ארויסטרעטן אלס אן אײנהײַטלעכע, צענטראליזירטע, קעמפערישע אָרגאניזאציע, מיר דארפן זיך שטיצן אפן גאנצן פּראָלעטאריאַט, אָן אונטערשייד פון שפּראך און נאציאָנאליטעט, באהעפט דורכן געמיינזאמען שטענדיקן באשליסן די טעאָרעטישע און פּראקטישע, די טאקטישע און אָרגאניזאציאָנעלע פראגעס, און ניט שאפן קיין באזונדערע אָרגאניזאציעס, וועלכע גייען יעדערע מיט איר וועג, ניט אָפּשוואכן די קויכעס פון אונדזער אָנגריף דורך ברעקלען זיך אף פילצאָליקע זעלבשטענדיקע פּאָליטישע פּארטייען, ניט ארײַנטראָגן קיין פארפרעמדטקײַט און אָפּגעזונדערטקײַט, קעדיי דערנאָך די קראנקײַט, וואָס מע האָט זיך אליין קינסטלעך אָנגעמאכט, היילן מיט פלאסטערס פון דער גערימטער „פעדעראציע“.

„איסקרא“, נומ. 34, 15 פעווראל 1903 יאָר.
באנד 5, זז. 245 — 249.

---

## 2־טער צוזאמענפאָר ר. ס. ד. א. פּ.

### 30(17) יול—23(10) אווגוסט 1903 י.

(אויסצוג [1])

### פּראָיעקט פון דער רעזאָליוציע וועגן דעם אָרט פון „בונד“ אין דער פארטיי

נעמענדיק אין אכט, אז די פולסטע און ענגסטע אייניקייט פון דעם קעמפנדיקן פּראָלעטאריאַט איז אומבאדינגט נייטיק סײַ קעדיי וואָס גיכער צו דערגרייכן זײַן ענדציל, סײַ אויך אין די אינטערעסן פון פירן אומאָפּנייגלעך דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאמף אפן באָדן פון דער עקסיסטירנדיקער געזעלשאפט;

— אז ביפראט איז די פולשטענדיקע אייניקייט פון יידישן און ניט-יידישן פּראָלעטאריאַט באזונדערס נייטיק אכוץ דעם אויך פארן דערפאָלגרײַכן קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם, קעגן אָט דעם נידערטרעכטיקן צעבלאָזן ראסן-אָפּגעזונדערטקײַט און נאציאָנאלע סינע, וואָס עס טוען די רעגירונג און די עקספּלואטאטארישע קלאסן;

— אז דאָס פולשטענדיקע צונויפגיסן זיך פון די ס. ד. אָרגאניזאציעס פון יידישן און ניט־יידישן פּראָלעטאריאַט קאָן אף קיין אויפן ניט און מיט גאָרנישט באשרענקען די זעלבסשטענדיקײַט פון אונדזערע יידישע כאווירים באם פירן א פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע אף דער אָדער יענער שפּראך, באם ארויסגעבן ליטעראטור, וואָס אנטשפּרעכט די באדערפענישן פון דער באטרעפיקער אָרטיקער אָדער נאציאָנאלער באוועגונג, באם אוועקשטעלן אזוינע לאָזונגען פון אגיטאציע און דירעקטן פּאָליטישן קאמף, וואָס זאָלן מיט זיך פאָרשטעלן די אָנווענדונג און אנטוויקלונג פון די אלגעמיינע און גרונט-האנאָכעס פון דער ס. ד. פּראָגראם וועגן דער פולשטענדיקער גלײַכבארעכטיקונג און פולשטענדיקער פרײַהײַט פון שפּראך, נאציאָנאלער קולטור און אז. וו. און אז. וו.;

— ווארפט אָפּ דער צוזאמענפאָר אנטשיידן דעם פעדעראטיוון בוי-פּרינציפּ פון דער רוסלענדישער פארטיי און באשטעטיקט דעם אָרגאניזיר-פּרינציפּ, וואָס איז אוועקגעלייגט געוואָרן אין גרונט פון סטאטוט 1898 יאָר, ד. ה. די אויטאָנאָמיע פון די נאציאָנאלע ס. ד. אָרגאניזאציעס אין די איניאָנים, וואָס האָבן א שײַכעס *.

[1] באנד 6, ז. 6.

* דאָ ווערט איבערגעריסן דער מאנוסקריפּט (רעד. פון דער רוסישער אויסגאבע).

(אויסצוג 2

# רעדע איבער דער פראגע וועגן אָהט פון „בונד“ אין דער ר. ס. ד. א. פּ. דעם 2־טן אווגוסט (20 יול)

איך וועל קוידעמקאָל באַרירן האָפּמאַנס רעדע און זײַן אויסדרוק „א קאָמפּאקטע מערהײַט“. כ' האָפּמאַן באַנוצט די דאָזיקע ווערטער מיט א פאָרוואורף. לויט מײַן מיינונג, איז ניט שעמען זיך, נאָר שטאָלצירן דאַרפן מיר מיט דעם, וואָס אפן צוזאמענפאָר איז פאראן א קאָמפּאקטע מערהײַט. און נאָכמער וועלן מיר שטאָלצירן, אויב אונדזער גאַנצע פּארטיי וועט זײַן איין קאָמפּאקטע און קאָמפּאקטסטע מערהײַט אף 90 פּראָצענט (אפּלאָדיסמענטן). די מערהײַט האָט געטאָן ריכטיק, וואָס זי האָט אוועקגעשטעלט די פראגע וועגן דער לאַגע פון „בונד“ אין דער פּארטיי אפן ערשטן אָרט: די בונדאָווצעס האָבן טאַקע גלײַך דערוויזן די דאָזיקע ריכטיקײַט מיט דעם, וואָס זיי האָבן ארײַנגעטראָגן זייער אזוי גערופענעם סטאַטוס, אין טאָך אָבער האָבן זיי פאָרגעלייגט א פּ ע ד ע ר א צ י ע. וויבאלד אין דער פּארטיי זײַנען פאראן מיטגלידער, וועלכע לייגן פאָר א פעדעראַציע, און מיטגלידער, וועלכע וואַרפן זי אָפּ, האָט מען טאַקע אנדערש ניט געקאָנט טאָן, ווי אוועקשטעלן די פראגע וועגן „בונד“ אפן ערשטן אָרט. מיט געוואַלד קאָן מען ניט געפעלן ווערן, און מע טאָר ניט ריידן וועגן די אינערלעכע איניאָנים פון דער פּארטיי, ניט באַשליסנדיק פעסט און קאַטעגאָריש, צי ווילן מיר גיין אינאיינעם אָדער ניט.

דער טאָך פון דער שטרײַט-פראגע איז אָפּטמאָל ניט גאָר ריכטיק איבערגעגעבן געוואָרן אין די דעבאַטן. די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס, לויט דער מיינונג פון פיל פּארטיי-מיטגלידער, איז פ ע ד ע ר א צ י ע שעדלעך, פעדעראַציע שטייט אין א ווידערשפּרוך מיט די פּרינציפּן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין זייער אָנווענדונג צו דער געגעבענער רוסישערווירקלעכקייט. פעדעראַציע איז שעדלעך, ווײַל זי פאַרגעזעצלעכט די אָפּגעזונדערטקײַט און פאַרפרעמדטקײַט, דערהייבט זיי צו א פּרינציפּ, צו א געזעץ. צווישן אונדז איז ווירקלעך פאראן א פולשטענדיקע פאַרפרעמדטקײַט, און ניט פאַרגעזעצלעכן דאַרפן מיר זי, ניט פאַרדעקן מיט א פײַגנבלעטל, נאָר קעמפן מיט איר, מיר דאַרפן אנטשיידנדיק אָנערקענען און פּראָקלאַמירן די נייטיקײַט פעסט און אומאָפּווײַכנדיק גיין צו דער ע נ ג ס ט ע ר איינהײַט. אָט פאַרוואָס מיר וואַרפן אָפּ אין פּרינציפּ, באַלד פון שוועל (לויטן באַוווסטן לאַטײַנישן אויסדרוק) די פעדעראַציע, וואַרפן אָפּ א ל ע ר ל ײ אָבליגאַטערישע שייד-ווענטלעך צווישן אונדז. אין דער

פּארטיי וועלן שטענדיק אזוי אויך זײַן פּארשיידענע גרופּירונגען, גרופּירונגען פון ניט אינגאנצן גלײַך דענקענדיקע כאווײרים איבער פראגעס סײַ פון פּראָגראם, סײַ פון טאקטיק, סײַ פון אָרגאניזאציע, נאָר זאָל אין דער גאנצער פּארטיי זײַן *איין* טיילונג אף גרופּעס, ד. ה. זאָלן אלע, וואָס דענקען גלײַך, זיך פאראייניקן אין איין גרופּע, און ניט אזוי, אז פון אָנהייב זאָלן זיך אויסבילדן גרופּעס אין *איין טייל* פון דער פּארטיי, באזונדער פון א גרופּע אינעם צווייטן טייל פון דער פּארטיי, און דערנאָך זאָלן זיך פאראייניקן צווישן זיך ניט גרופּעס פון פארשיידענע מיינונגען און מיינונג-שאטירונגען, נאָר טיילן פון דער פּארטיי, וועלכע אנטהאלטן אין זיך פארשיידענע גרופּעס. איך כאזער איבער: קיינע שום *אָבליגאטערישע* שייד-ווענטלעך אָנערקענען מיר ניט, און דעריבער ווארפן מיר אָפּ אין פּרינציפּ די פעדעראציע.

איך גיי איבער צו דער פראגע וועגן אווטאָנאָמיע. כ׳ ליבער האָט געזאָגט, אז פעדעראציע איז צענטראליזם, און אווטאָנאָמיע — דעצענטראליזם. צי דען האלט כ׳ ליבער די מיטגלידער פונעם צוזאמענפאָר פאר זעקסיאָריקע קינדער, וואָס מע קאָן זיי מעכאבעד זײַן מיט אזעלכע סאָפיזמען? צי דען איז ניט קלאָר, אז צענטראליזם פאָדערט עס זאָלן *ניט זײַן* קיינע שום שייד-ווענטלעך צווישן דעם צענטער און די סאמע דערווײַטערטע, סאמע פארוואָרפענע טיילן פון דער פּארטיי? אונדזער צענטער וועט באקומען דאָס אומבאדינגטע רעכט צו דערגיין דירעקט ביז יעדן איינצלנעם פּארטיי-מיטגליד. די בונדאָווצעס וואָלטן בלויז געלאכט, אויב עמיצער וואָלט זיי פאָרגעלייגט *אינעווייניק* אין „בונד" אזא „צענטראליזם", אז דער צ. ק. פון „בונד" זאָל ניט קאָנען פארקערן מיט אלע קאָוונער גרופּעס און כאווײרים *אנדערש*, ווי דורך דער פארמיטלונג פונעם קאָוונער קאָמיטעט. אגעוו וועגן די קאָמיטעטן. כאווער ליבער האָט אויסגעשריען מיט פּאטאָס: „צו וואָס דארף מעןריידן וועגן דער אווטאָנאָמיע פונעם „בונד", ווי אן אָרגאניזאציע, וואָס איז אונטערגעוואָרפן אונטער איין צענטער? איר וועט דאָך ניט געבן קיין אווטאָנאָמיע א וועלכן ניט איז טולער קאָמיטעט"? איר האָט א טאָעס, כאווער ליבער: מיר וועלן אומבאדינגט און ניט אנדערש געבן אווטאָנאָמיע אויך „א וועלכן ניט איז" טולער קאָמיטעט, אן אווטאָנאָמיע אינעם זינען פון זײַן פרײַ פון קליינלעכער ארײַנמישונג מיצאד דעם צענטער, דערבײַ, פארשטייט זיך, פארבלײַבט דער מוז צו זײַן אונטערגעוואָרפן אונטערן צענטער. איך האָב גענומען די ווערטער „קליינלעכע ארײַנמישונג" פונעם בונדישן בלעטל: „אווטאָנאָמיע אָדער פעדעראציע?"|—דער „בונד" האָט ארויסגעשטעלט די דאָזיקע פרײַהײַט פון „קליינלעכער ארײַנמישונג", ווי א פּונקט פון א *באדינג*, ווי א *פאָדערונג* צו דער פּארטיי. דאָס ארויסשטעלן אזעלכע לעכערלעכע פאָדערונגען באווײַזט אליין פאר זיך, אף וויפל פארפּלאָנטערט די שטרײַט-פראגע שטעלט זיך פאָר דעם „בונד". צי דען מיינט דער „בונד", אז די פּארטיי וועט דערלאָזן די עקסיסטענץ פון א צענטער, וועלכער זאָל זיך „*קליינלעך*" ארײַנמישן אין די איניאָנים פון א *וועלכער ניט איז* אָרגאניזאציע אָדער גרופּע פון דער פּארטיי? צי דען לאָזט זיך דאָס ניט אויס גראָד צו אָט דעם „אָרגאניזירטן אומצוטרוי", וועגן וועלכן עס איז שוין גערעדט געוואָרן אפן צוזאמענפאָר? אזא אומצוטרוי שפּארט ארויס פון אלע פאָרשלאָגן און אלע בקירעס פון

די בונדיסטן, אינדערעמעסן, צי איז, לעמאָשל, דער קאמף פאר פּולשטענ־דיקער גלייכבארעכטיקונג און אפילע פאר דער אָנערקענונג פונעם רעכט פון די נאציעס אף זעלבסטבאשטימונג ניט דער כּיוו פון אונדזער גאנצער פארטיי? הייסט עס, אז אויב א וועלכער ניט איז טייל פון אונדזער פארטיי וואָלט ניט אויסגעפּילט דעם דאָזיקן כּיוו, וואָלט ער אומבאדינגט גע־דארפט פארורטיילט ווערן אפן גרונט פון אונדזערע פּרינציפּן, וואָלט עס אום־באדינגט געמוזט ארויסרופן, אז די צענטראלע אנשטאלטן פון דער פארטיי זאָלן עס אויסבעסערן. און אויב דער דאָזיקער כּיוו וואָלט באוווסטזיניק און בעקיוון ניט אויסגעפּילט געוואָרן, ניט קוקנדיק אף דער פולער מעגלעכקייט יאָ אויסצופּילן אים, וואָלט דאָס ניט אויספּילן געווען א פּאראַט.

ווייטער האָט אונדז כאווער ליבער פאטעטיש געפרעגט: ווי אזוי דער־ווייזט מען, אז אווטאָנאָמיע איז אימשטאנד צו זיכערן דער באוועגונג פון די יידישע ארבעטער די זעלבשטענדיקייט, וואָס איז פאר איר אומבאדינגט נייטיק? א מאָדנע פראגע! ווי אזוי דערווייזט מען, צי איז ריכטיק איינער פון די וועגן, וועלכע ווערן פאָרגעלייגט? דאָס איינציקע מיטל איז גיין מיטן דאָ־זיקן וועג און אויספּרובירן אים אין דער פּראקטיק. אף כ' ליבערס פראגע ענטפער איך: גייט מיט אונדז, און מיר נעמען זיך אָן צו דערווייזן אייך אין דער פּראקטיק, אז אלע גערעכטע פאָדערונגען פון זעלבשטענדי־קייט ווערן פולקום באפרידיקט.

ווען עס גייען שטרייטן וועגן דעם אָרט פונעם „בונד", דערמאָן איך זיך שטענדיק אָן די ענגלישע קוילנגרעבער. זיי זיינען אויסגעצייכנט אָרגאניזירט, בעסער פון אלע איבעריקע ארבעטער. און דערפאר ווילן זיי דורכוואַרפן די אלגעמיינע פאָדערונג וועגן אן 8-שאָעדיקן ארבעט-טאָג, וואָס ווערט ארויסגע־שטעלט דורך אלע פּראָלעטאריער. די קוילנגרעבער פארשטייען די איינהייט פונעם פּראָלעטאריאט פונקט אזוי שמאָל, ווי אונדזערע בונדאָווצעס. זאָל דער טרויעריקער ביישפּיל פון די קוילנגרעבער דינען אלס א וואָרענונג די כאַווי־רים פון „בונד".

באנד 6, זז. 18—20.

(אויסצוג 3)

# פראָיעקט פון דער רעזאָליוציע

## וועגן דעם ארויסטריט פון „בונד“

דער צוזאמענפאָר באטראכט דעם אָפּזאָג פון די דעלעגאטן פון „בונד“ אונטערצוּווארפן זיך די באשטימונגען פון דער מערהייט פון צוזאמענפאָר, ווי דעם „בונדס“ ארויסטרעטן פון דער ר. ס. ד. א. פּ.

דער צוזאמענפאָר באדויערט טיף דעם דאָזיקן שריט, וואָס איז, לויט זיין איבערצייגונג, א גרויסער פּאָליטישער טאָעס*... פון די אָנפירער פון „יידישן ארבעטער-בונד“, א טאָעס, וואָס מוז זיך אומפארמיידלעך שעדלעך אָפּרופן אף די אינטערעסן פון יידישן פּראָלעטאריאט און פון דער ארבעטער-באוועגונג. די מאָטיוון, מיט וועלכע די דעלעגאטן פון „בונד“ בארעכטיקן זייער שריט, אָנער-קענט דער צוזאמענפאָר אין פּראקטישער הינזיכט פאר פולשטענדיק-גרונטלאָ-זיקע שרעקענישן און פארדאכטן בנוגע דער אופריכטיקייט און אומאָפּהענ-גיקייט פון די סאָציאל-דעמאָקראטישע איבערצייגונגען בא די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראטן, און אין טעאָרעטישער הינזיכט פאר א רעזולטאט פון טרויעריקן ארייננדרינגען פון נאציאָנאליזם אין דער סאָציאַל-דעמאָקראטישער באוועגונג פון „בונד“.

דער צוזאמענפאָר דריקט אויס דעם ווונטש און די פעסטע איבערצייגונג אין דער נויטווענדיקייט פון א פולשטענדיקער און ענגסטער אייניקייט פון דער יידישער און דער רוסישער ארבעטער-באוועגונג אין רוסלאנד, אן אייניקייט ניט נאָר א פּרינציפּיעלע, נאָר אויך אן אָרגאניזאציאָנעלע, און באשטימט אָנע-מען אלע מיטלען צו דעם, אז דער יידישער פּראָלעטאריאט זאָל ווערן גענוי באקאַנט סיי מיט דער דאָזיקער רעזאָליוציע פון צוזאמענפאָר, סיי אויך אין אלגעמיין מיט דער באציונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע צו יעדער נאציאָ-נאלער באוועגונג.

באנד 30, ז. 29.

---

* איין וואָרט קאָן מען ניט פאנאנדערקלייבן (רעד. פון דער רוסישער אויסגאבע).

# מאקסימום אומפארשעמטקייט און מינימום לאָגיק

אין נומ. 46 האָבן מיר איבערגעדרוקט די רעזאָליוציע פונעם 5-טן צוזאמענפאָר פון „בונד" וועגן דער לאגע פון „בונד" אין דער ר. ס. ד. א. פּ. און האָבן געגעבן אונדזער אָפּשאצונג. דער אויסל. קאָמ. פון „בונד" ענטפערט אונדז זייער אויספירלעך און געוואלטיק בייז אין זײַן בלעטל פון 9/22-טן סעפּטיאבער. דער וועזנטלעכסטער טייל פונעם דאָזיקן בייזן ענטפער איז די פאָלגנדיקע פענאָמענאלע אנטדעקונג: „אכוץ דעם סטאטוט-מאקסימום (sic!), האָט דער 5-ער צוזאמענפאָר פון „בונד" אויסגעארבעט נאָך א סטאטוט-מינימום", און דער דאָזיקער מינימום ווערט טאקע אינגאנצן געבראכט, דערבײַ ווערט דערקלערט אין צוויי אָנמערקונגען, אז „דאָס אָפּוואַרפן די אווטאָנאָמיע" און די פאָדערונג פון א האסקאָמע פון צ. ק. פון „בונד" אף ווענדן זיך צום יִדישן פּראָלעטאריאט מיצאד אנדערע טיילן, וועלכע גייען ארײַן אין דער פארטיי, „דארף ארויסגעשטעלט ווערן, ווי אן אולטימאטום". אזוי האָט באשלאָסן דער 5-טער צוזאמענפאָר פון „בונד".

ניט עמעס, ווי... שיין דאָס איז? דער צוזאמענפאָר פון „בונד" האָט אויסגעארבעט מיטאמאָל צוויי סטאטוטן, באשטימענדיק מיטאמאָל—סײַ דעם מאקסימום און סײַ דעם מינימום פון זײַנע פארלאנגען אָדער פאָדערונגען. דערבײַ באהאלט מען דעם מינימום גאנץ קלוג (אָ, ביז גאָר קלוג!) אין קעשענע. עס ווערט פארעפנטלעכט (אינעם בלעטל פון 7/20-טן אווגוסט) בלויז דער מאקסימום און דערבײַ ווערט עפנטלעך, אָפן און קלאָר געמעלדעט, אז דער דאָזיקער מאקסימאלער פּראָיעקט פון סטאטוט „דארף פאָרגעלייגט ווערן דעם צווייטן צוזאמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ., ווי א באזיס צו באהאנדלען (אָט דאָס באמערקט!) די פראגע וועגן דער לאגע פון „בונד" אין דער פארטיי". די אָפּאָנענטן פאלן אָן, פארשטייט זיך, אפן דאָזיקן מאקסימום מיט א באזונדערער פארביסנקייט טאקע דערפאר, וואָס דאָס איז א מאקסימום, וואָס דאָס איז דאָס „לעצטע וואָרט"* פון דער ריכטונג, וואָס זיי פארורטיילן. דעמלט,

* אגעוו. זייער כאראקטעריסטיש פאר דער בונדישער פּאָלעמיק איז, וואָס פאר דעם דאָזיקן אויסדרוק זײַנען די „לעצטע פאסירונגען" באזונדערס אף אונדז אָנגעפאלן. פארוואָס עפעס דאָס לעצטע וואָרט, ווען זי (די פאָדערונג פון א פעדעראציע) איז שוין ארויסגעזאָגט געוואָרן מער ווי מיט צוויי יאָר צוריק? די „איסקרא" רעכנט אויס, אז דער לייענער האָט קיין זיקאָרן גיט!... בארוִקט זיך, בארוִקט זיך, מײַנע הערן: דער אווטער פונעם ארטיקל האָט אָנגערופן אײַער סטאטוט-מאקסימום דאָס לעצטע וואָרט טאקע דערפאר, ווײַל דאָס דאָזיקע וואָרט איז געזאָגט געוואָרן מיט צוויי טעג (בעערעך) פארן נומ. 46 פון „איסקרא" און ניט מיט צוויי יאָר צוריק.

אין א כוידעש ארום, נעמען מענטשן, ניט פילנדיק די קלענסטע פארלעגנהייט, און שלעפן ארויס פון קעשענע דעם „מינימום“ און גיבן דראָענ־דיק צו: „אולטימאטום“!

דאָס איז שוין ניט דאָס „לעצטע וואָרט“, נאָר דער עמעסער לעצטער מעקעך... צי איז עס אָבער דער לעצטער, מײַנע הערן? צי האָט איר ניט אין דער אנדער קעשענע א מינימאלן מינימום? צי וועט ער זיך ניט אמאָל באווײַזן אף דער ווײַסער וועלט אזוי בעערעך, אין א כוידעש ארום?

מיר האָבן שטארק מוירע, אז די בונדאָווצעס באנעמען שלעכט די גאנצע „שיינקײַט“ פון אָט דעם מאקסימום און מינימום. ארויסבעטן דרײַ מאָל אזויפיל, דערנאָך אראָפּלאָזן 75 פּראָצענט און דערקלערן: „דער לעצטער פּרײַז“,—האנד־לען קאָן מען דען אנדערש? איז דען פאראן צווישן מיסכער און פּאָליטיק אן אונטערשייד?

עס איז פאראן, מײַנע הערן, מיר האָבן דעם מוט צו פארזיכערן אײַך, אז עס איז פאראן. ערשטנס, איז אין דער פּאָליטיק פירן געוויסע פארטייען דורך סיסטעמאטיש באוווסטע פּרינציפּן, און פאר פרינציפּן דינגעגן זיך איז ניט אָנשטענדיק. צווייטנס, איז ווען מענטשן, וועלכע רעכענען זיך אין איין פּארטיי, באטראכטן אייניקע זייערע פּאָדערונגען, ווי אן אולטימאטום, דאָס הייסט ווי א באדינג פאר דער אָנגעהעריקײַט גופע צו דער פּארטיי, פּאָדערט די פּאָליטישע ערלעכקײַט, אז דער דאָזיקער אומשטאנד זאָל ניט באהאלטן ווערן, זאָל ניט אוועק־געלייגט ווערן „אף א צײַט“ אין קעשענע, נאָר ער זאָל, פּארקערט, אָפן און דײַטלעך ארויסגערוקט ווערן גלײַך פון אָנהייב אָן.

מיר פריידיקן שוין לאנג די בונדאָווצעס די דאָזיקע ניט איבערגעשפּיצטע עמעסן. נאָך אין פּעווראל (נומ. 33) האָבן מיר געשריבן, אז עס איז ניט קלוג און ניט ווירדיק צו שפּילן זיך אין באהעלטעניש, אז דער „בונד“ איז ארויס־געטראָטן סעפּאראט (מיט א מעלדונג וועגן דעם אָ. ק.), ווײַל ער האָט געוואָלט ארויסטרעטן, ווי א צאד, וועלכער שטעלט באדינגונגען דער גאנצער פּארטיי. פאר אזא אָפּשאצן די זאך האָט מען אונדז ד'עמלט אָפּגעגאָסן מיט: א גאנצן צעבער ספּעציפיש-בונדישע (מיט דעם זעלביקן רעכט קען מען זאָגן ספּעציפיש-מארקיקע) זידלערײַען, די געשעעענישן האָבן אָבער איצט באוויזן, אז מיר זײַנען געווען גערעכט. טאקע ווי א צאד טרעט ארויס דער „בונד“ אין די באשלוסן פונעם 5־טן צוזאמענפאָר מיט דעם, וואָס ער שטעלט דער גאנצער פּארטיי דירעקטע אולטימאטומס! טאקע אזא שטעלונג פון דער פראגע האָבן מיר שטענדיק געוואָלט דערשלאָגן זיך בא די בונדאָוו־צעס, דערווײַזנדיק, אז זי דרינגט אומפארמײַדלעך ארויס פון דער פּאָזיציע, וואָס זיי האָבן פארנומען: די בונדאָווצעס פלעגן מיט קאעס פּראָטעסטירן, פלעגן זיך ארויסמאכן און ארויסדריייען, און סאָפּקאָלסאָף האָבן זיי פּאָרט געמוזט בא־ווײַזן זייער „מינימום“.

דאָס איז טשיקאווע, אָבער נאָכמער טשיקאווע איז דאָס, וואָס דער „בונד“ האלט נאָך איצט אויך אין ארויסדרייען זיך, ער רעדט נאָך אלץ וועגן דער „פאלשקײַט“ פון דער „אלטער, אלעמען באוווסטער, איסקרישער אויסטראכטעניש וועגן דעם, אז דער „בונד“ וויל ארײַנטרעטן אין א פעדעראטיוון פארבאנד מיט דער רוסלענדישער פּארטיי“. פאלש איז די דאָזיקע אויסטראכטעניש דער־

פאר, וואָס אין § 1 פונעם סטאטוט, וועלכן דער „בונד" לייגט פאָר, איז, הייסט עס, אָפן געזאָגט וועגן דעם ווונטש פונעם „בונד" צו זײַן א טייל פון דער פארטיי, און ניט צו געפינען זיך אין א פארבאנד מיט איר.

זייער גוט, מײַנע הערן! צי ווערט אָבער ניט געזאָגט אין דעם זעלביקן פּא-ראגראף, אז דער „בונד" איז א פעדעראטיווער טייל פון דער פארטיי? צי רעדט זיך ניט אינעם גאנצן סטאטוט-מאקסימום וועגן צדאָדים, וואָס שליסן אָן אָפּמאך? צי רעדט ניט דער סטאטוט-מינימום וועגן אן אולטימאטום און וועגן ענדערן די „גרונט-פונקטן" נאָר מיט דער קעגנזײַטיקער האסקאָמע פון די טיילן, וועלכע גייען אריַין אין דער פארטיי, דערבײַ איז ניט די אָר-טיקע, ניט די ראיאָנישע אָרגאניזאציעס ווערן אין דעם פּראט פאר קיין טיילן פון דער פּארטיי ניט אָנערקענט? איר זאָגט אליין, אז דער צאד, וואָס שליסט דעם אָפּמאך, קאָן ניט זײַן ניט קיין אָרטיקע, ניט קיין ראיאָנישע אָרגאניזאציע, נאָר דורכויס א „צוזאמענגעהעפטער טייל פון פונקט אזא כאראקטער ווי דער „בונד". איר אליין ווײַזט אָן פאר א בײַשפּיל, אז אזא צוזאמענגעהעפטער טייל וואָלטן געקאָנט זײַן די „סאָציאַל-דעמאָקראטיע די פוילישע, ליטווישע, לעטישע", „אויב זיי וואָלטן זיך געפינען אין דער פארטיי", ווי איר גיט צו גאנץ קלוג. נו, און אויב זיי געפינען זיך ניט אין דער פארטיי? און אויב א פעדעראציע פון נאציאָנאלע אָרגאניזאציעס, וואָס איז געווונטשן פאר אײַך, ווערט ניט אָנערקענט פאר געווונטשן און ווערט אנטשיידן אָפּגעוואָרפן דורך דער גאנצער איבעריקער פארטיי? איר ווייסט דאָך אויסגעצייכנט, אז אזוי איז עס טאקע; איר מעלדעט דאָך אליין אָפן, אז די פאָדערונג צו בויען די גאנצע פארטיי אפן באזיס פון א פעדעראציע פון נאציאָנאליטעטן שטעלט איר שוין מער ניט ארויס. פרעגט זיך, איז צו וועמען זשע ווענדעט איר זיך מיטן אולטימאטום? צי איז דען ניט קלאָר, אז צו דער גאנצער פארטיי, אכוץ דעם „בונד"? אָנשטאָט צו דערווײַזן די פאלשקײַט פון דער איסקרישער אויס-טראכטעניש, אנטפּלעקט איר בלויז א מינימום לאָגיק אין אײַערע שפּיצלען.

דערלויבט אָבער, — דערווידערן אונדז די בונדאָווצעס, — מיר וואַרפן דאָך אפילע ארויס אויך די פעדעראציע פון אונדזער סטאטוט-מינימום! אָט דאָס בא-זײַטיקן דאָס „שרעקלעכע" וואָרט איז, ווירקלעך, דער אינטערעסאנטסטער עפּיזאָד אינעם בארימטן איבערגאנג פונעם מאקסימום צום מינימום. אין ערגעץ, עפּ-שער, האָט זיך ניט אויסגעדריקט אזוי נאַיִוו די זאָרגלאָזיקײַט פון „בונד" בע-נעגייע פּרינציפּן. איר זײַט דאָגמאטיקער, האָפּעוונונגלאָזע דאָגמאטיקער, איר ווילט פאר קיין זאך אין דער וועלט ניט אָנערקענען דעם פעדעראטיוון „פּרינ-ציפּ פון אָרגאניזאציע". מיר זײַנען דאָך אָבער ניט קיין דאָגמאטיקער, מיר „שטעלן די פראגע אף א ריין-פּראקטישן באָדן". אײַך געפעלט דאָרטן ניט עפּעס א פּרינציפּ? מאָדנע מענטשן! וועלן מיר זיך אינגאנצן באגיין אָן א פּרינ-ציפּ, מיר „פאָרמולירן דעם § 1 אזוי, אז ער זאָל ניט זײַן קיין דעקלאראציע פון א באשטימטן פּרינציפּ פון אָרגאניזאציע". „דער שווערפּונקט פון דער פראגע איז ניט אין דער פּרינציפּיעלער פאָרמולירונג, וואָס קומט פארן סטאטוט, נאָר אין זײַנע קאָנקרעטע פונקטן, וואָס זײַנען ארויסגעבראכט געוואָרן פון בא-טראכטן די באדערפעניש פון דער יידישער ארבעטער-באוועגונג, פון איין

זייַט, און פון דער באוועגונג איינגאנצן גענומען — פון דער אנדער זייַט" (ז. 1 פונעם בלעטל פון 9/22-טן סענטיאבער).

די דאָזיקע כקירע איז אף אזויפיל כיינעוודיק מיט איר נאַיוקייַט, אז עס ווילט זיך פּאַשעט אויסקושן איר אווטער. דער בונדאָוועץ האָט געמיינט אף און עמעס, אז דאָגמאטיקער האָבן בלויז מוירע פאר געוויסע שרעקלעכע ווערטער, און האָט באשלאָסן, אז, אויב מע זאָל די דאָזיקע ווערטער באזייַטיקן, וועט אָבער אין די קאָנקרעטע פונקטן דער דאָגמאטיקער גאָרנישט ניט פארשטיין! און דער בונדאָוועץ מאטערט זיך אין שווייס פון זייַן פּאָנים, שטעלט צונויף א מאקסימום, פארגרייט (אף שלעכטע צייַטן) א מינימום, ריכט צו אן אולטימאטום נומ. 1, אולטימאטום נומ. 2... Oleum et operam perdidisti, amice! פרייַנט מייַנער, אומזיסט האָסטו געפּאטערט צייַט און מי. ניט קוקנדיק אף דעם שעלמישן (אָ, וווּנדערבאר שעלמישן!) אראָפּנעמען דעם שילד, זעט איין דער דאָגמאטיקער דעם פעדעראטיוון פרינציפּ אויך אין די „קאָנקרעטע פונקטן" פונעם מינימום. דער דאָזיקער פרינציפּ זעט זיך ארויס סייַ אין דער פאָדערונג ניט צו באגרענעצן א טייל פון דער פארטיי מיט קיינע שום ראיאָן-ראמען, סייַ אין דער פּרעטענזיע אף דער „איינציקער"* פאָרשטייערשאפט פונעם יידישן פראָלעטאריאט, סייַ אין דער פאָדערונג פון א „פאָרשטייערשאפט" אין צ. ק. פון דער פּארטיי, סייַ אינעם אָפּנעמען באם צ. ק. פון דער פארטיי דאָס רעכט אריַינצוטרעטן אין פארבינדונגען מיט טיילן פונעם „בונד" אָן דער האסקאָמע פונעם צ. ק. פון „בונד", סייַ אין דער פאָדערונג צו אָנערקענען, אז די גרונט-פונקטן קאָנען געענדערט ווערן נאָר מיטן העסקעם פון טייל ן פון דער פארטיי.

ניין, מייַנע הערן. דער שווערפּונקט פון דער פראגע וועגן דער לאגע פון „בונד" אין דער פארטיי, וואָס שטייט פאר אונדז, ליגט גראָד אינעם דעקלארירן א באשטימטן פרינציפּ פון אָרגאניזאציע, און לאכלוטן ניט אין די קאָנקרעטע פונקטן. דער שווערפּונקט איז אינעם אויסקלייַבן דעם וועג. צי פארגעזעצלעכן די אָפּגעזונדערטקייַט פונעם „בונד", וועלכע האָט זיך אויסגעבילדעט היסטאָריש, אָדער אָפּוואַרפן זי אין פרינציפּ און שטעלן זיך אָפן, באשטימט, אנטשיידן און ערלעך אפן וועג פון אלץ מער און מער, ענגער און ענגער דערנענטערן זיך און צונויפגיסן זיך מיט דער גאנצער פארטיי. פארהיטן די אָפּגעזונדערטקייַט, אָדער זיך געבן א קער צו צוזאמענגיסן זיך. אָט דאָס איז די דילעמע.

דאָס לייזן די דאָזיקע דילעמע הענגט אָפּ פונעם גוטן ווילן פון „בונד", ווייַל „מיט געוואלד קאָן מען ניט געפעלן ווערן", ווי מיר האָבן נאָך געשריבן אין נומ. 33. אויב איר ווילט א קער טאָן צו צוזאמענגיסן זיך, דעמלט וועט איר אָפּוואַרפן פעדעראציע און אָננעמען אווטאָנאָמיע. דעמלט וועט איר פארשטיין, אז אווטאָנאָמיע גאראנטירט אזא בעהאדראָגעדיקייַט פונעם צוזאמענגי-

* „דאָס דאָזיקע וואָרט האָט ניט קיין באדייַטונג", פארזיכערט אונדז איצט דער „בונד". מאָדנע איז צו וואָס זשע עפּעס אריַינשטעלן ווערטער, וואָס האָבן ניט קיין באדייַטונג, סייַ אין מינימום און סייַ אין מאקסימום? אין רוסיש האָט דאָס דאָזיקע וואָרט א גאנץ-באשטימטע באדייַטונג. אינעם געגעבענעם פאל שליסט עס טאקע איין א „דעקלאראציע" אי פון פעדעראליזם, אי פון נאציאָנאליזם. מיר רעקאָמענדירן א טראכט טאָן וועגן דעם די בונדאָווצעס, וועלכע זעען ניט איין דעם צוזאמענבונד צווישן נאציאָנאליזם און פעדעראציע.

סונג-פּראָצעס, באַ וועלכער די איבעראָרגאַניזירונג וואָלט פאָרגעקומען מיט אַ מינימאַלער ברעכונג און דערבײַ אַזוי, אַז די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג וואָלט גאָרנישט ניט פאַרלאָרן, נאָר וואָלט אַלץ געוווּנען פון דער דאָזיקער איבעראָרגאַניזירונג און פונעם דאָזיקן צוזאַמענגיסן זיך.

ווילט איר ניט אַ קער טאָן צו צוזאַמענגיסן זיך, — דעמאָלט וועט איר זײַן פאַר פעדעראַציע (אין איר מאַקסימאַלער אָדער מינימאַלער פאָרמע, מיט אַ דעקלאַראַציע, אָדער אָן אַ דעקלאַראַציע), דעמאָלט וועט איר מוירע האָבן פאַר „מאַיאָריזירונג", דעמאָלט וועט איר פאַרוואַנדלען די טרויעריקע אָפּגעזונדערטקײַט פון „בונד" אין אַ פעטיש, און ווען עס האַנדלט זיך וועגן פאַרניכטן די אָפּגעזונדערטקײַט, וועט איר שרײַען, אַז מע פאַרניכטעט דעם „בונד", דעמאָלט וועט איר זוכן אַ באַגרינדונג פאַר אײַער אָפּגעזונדערטקײַט און אין די דאָזיקע זוכענישן וועט איר אַמאָל זיך אָנכאַפּן פאַר דער ציִאָניסטישער אידייע וועגן אַ ייִדישער „נ אַ צ י ע" און אַמאָל אָנווענדן דעמאַגאָגיע און רעכילעס.

טעאָרעטיש באַגרינדן דעם פעדעראַליזם קאָן מען נאָר מיט נאַציאָנאַליסטישע אידייעס, און פאַר אונדז וואָלט געווען מעשונעדיק צו דערווײַזן די בונדאָווצעס, אַז ניט צופעליק פאַלט אויס די דעקלאַראַציע וועגן פעדעראַליזם אויף דעם זעלביקן 4-טן צוזאַמענפאָר, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די דעקלאַראַציע וועגן דער עקסיסטענץ פון אַ ייִדישער נאַציע.

פּראַקטיש קאָן מען דיסקרעדיטירן די אידייע פון צוזאַמענגיסן זיך נאָר דורך העצן די אומבאַוווסטזיניקע און שרעקעדיקע עלעמענטן קעגן דעם „שרעקלעכן", „אַראַקטשייִשן"* אָרגאַניזיר-פּלאַן פון „איסקראַ", וואָס וויל „שערן אונטער איין מאָס" די קאָמיטעטן און ניט דערלויבן זיי „צו מאַכן אַ שריט אָן אַ באַפעל פון אויבן". סאַראַ שרעק! מיר צווייפלען ניט, אַז איצט וועלן אַלע קאָמיטעטן זיך צואײַלן דערקלערן אַ מערידע קעגן דער אײַזערנער הענטשקע, קעגן דער אַראַקטשייִשער פויסט און אַז. וו. פונוואַנען אָבער, מײַנע הערן, האָט איר געשעפּט ידיעס וועגן דעם דאָזיקן אכזאָריעסדיקן אָרגאַניזיר-פּלאַן? פון דער ליטעראַטור? פאַרוואָס זשע ציטירט איר זי ניט? פון די דערציילונגען פון די ליידיקגייערישע פּאַרטיי-מומעס, וואָס ווייסן אויפן זיכערסטן אויפן אַלע, טאַקע אַבסאָליוט אַלע פּראָטים מיקויעך דער דאָזיקער אַראַקטשייעווטשטשינע? די לעצטע השערע איז, מיסטאָמע, וואַרשײַנלעכער, ווײַל אַפילע באַם מינימום לאָגיק וואָלט ניט גרינג געווען צונויפמישן אין איין הויפן אַזאַ נייטיקע פאָדערונג, אַז דער צ. ק. „זאָל האָבן די מעגלעכקײַט צו דערגיין ביזן לעצטן מענטשן פון דער פּאַרטיי", און אַזאַ בעקיוון רעכילעסדיקע סטראַשידלע, אַז דער צ. ק. וועט „אַלץ טאָן" און „אַלץ רעגלאַמענטירן". אָדער ווײַטער: וואָס איז עס פאַר אַ נאַרישקײַט מיקויעך דעם, אַז „צווישן דער פּעריפעריע און דעם צענטער" וועלן זײַן — „lose Organisationen"**? מיר שטויסן זיך אָן: אונדזערע קלוגע בונדאָווצעס האָבן געהערט אַ קלונג און ניט

* אַ ר אַ ק ט ש ייִ ע וו ש ט ש י נ ע — סיסטעם פון פּאָליציייִשן דעספּאָטיזם און גראָבער סאָלדאַטשינע, וואָס עס האָט דורכגעפירט אַלעקסאַנדער דעם 1־טנס פאַוואָריט גראַף אַראַקטשייעוו. איבערז.

** ניט קיין געבונדענע, פרײַע אָרגאַניזאַציעס — רעד.

פארשטאנען, פונוואנען ער קומט. ווען ניט איז בא א געלעגנהייט וועט אויס-קומען צו דערקלערן עס זיי אויספירלעך.

ערגער פון אלץ איז אָבער דאָס, וואָס מאכן א בונט וועט אויסקומען ניט נאָר די אָרטיקע, נאָר אויך דעם צענטראל-קאָמיטעט, עמעס, ער איז נאָך ניט גע-באָרן געוואָרן, אָבער די מומעס ווייסן גענוי ניט נאָר דעם טאָג פון זיין געבורט, נאָר דעם גאנצן מאזל פון דעם נייגעבאָרענעם. עס ווייזט זיך ארויס, אז דאָס וועט זיין א צ. ק., „וועלכער וועט אָנגעפירט ווערן דורך א גרופּע ליטעראטן". ניט עמעס, סאו"א אויסגעפרווטער און בי-ליקער קאמף-מעטאָד דאָס איז? די בונדאָווצעס זיינען דאָ ניט די ערשטע, און, אף געוויס, ניט די לעצטע. קעדיי צו דעמאסקירן דעם דאָזיקן צ. ק. אָדער אָ. ק. אין א וועלכן ניט איז פעלער, דארף מען געפינען באוויזן. קעדיי דע-מאסקירן מענטשן אין דעם, אז זיי האנדלען ניט לויט זייער אייגענער איבער-צייגונג, נאָר ווערן אָנגעפירט דורך א פרעמדער האנט, דארף מען האָבן דעם מוט ארויסצוטרעטן ווי אן אָפענער באשולדיקער און נעמען אף זיך פאר דער גאנצער פּארטיי די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר אזא באשולדיקונג! דאָס אלץ איז צו טייער, אין אלע זינענס טייער, אָבער באָבעמייסעס זיינען א ביליקע זאך... עפשער, וועט עס אָנגיין. עס איז דאָך אזוי ניט אָנגענעם צו קריגן א שעם פון א מענטשן (אָדער אינסטיטוציע), מיט וועלכן „מע פירט אָן", וועלכן מע פירט פאר דער האנט, וועלכער איז א פּאָשעטע שאכפיגור, א קרעאטור, אן ארויסגעשטעלטער מיצאד דער „איסקרא"... א ראכמאָנעס, א ביטערער ראכ-מאָנעס אף אונדזער צוקונפטיקן צ. ק.! בא וועמען וועט ער זוכן שוץ קעגן דעם דרוק פון דער אראקטשייעוושטשינע? סיידן עפשער בא די „זעלבסטעטיקע" בונדאָווצעס, וואָס זיי איז פרעמד יעטווידער „פארדאכט".

„איסקרא", נום. 49 פון 1 אָקטיאבער 1903 יאָר.

באנד 6, זז. 68—72.

# די לאגע פון „בונד“ אין דער פארטיי

אונטער אזא קעפל האָט דער „בונד“ ארויסגעלאָזן אן איבערזעצונג פונעם ארטיקל אין נומ. 34 „ארבעטער-שטימע“. דער דאָזיקער ארטיקל, וואָס ווערט געגעבן צוזאמען מיט די באשלוסן פונעם 5-טן צוזאמענפאָר פון „בונד“, איז א מין אָפיציעלער קאָמענטאר צו זיי. דאָ ווערט געמאכט א פרווו סיסטעמאטיש אויסצולייגן אלע ארגומענטן, וואָס צווינגען קומען צום אויספיר, אז דער „בונד“ „דארף זיין א פעדעראטיווער טייל פון דער פארטיי“. עס איז אינטערעסאנט צו באטראכטן די דאָזיקע ארגומענטן.

דער אווטער הייבט אָן פון דעם, אז די ברענענדיקסטע פראגע, וואָס שטייט פאר דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראטיע, איז די פראגע וועגן פארייניקונג. אף וואָסערע יעסוידעס קאָן זי פאָרקומען? דער מאניפעסט פון 1898-טן יאָר האָט גענומען פאר א יעסאָד דעם פרינציפ פון אווטאָנאָמיע. דער אווטער אנאליזירט דעם דאָזיקן פרינציפ און געפינט, אז ער איז לאָגיש ניט אויסגעהאלטן, אינערלעך ווידערשפרעכיק. אויב מע זאָל פארשטיין אונטער די פראגעס, וואָס זיינען ספעציעל נעגייע דעם יידישן פראָלעטאריאַט, בלויז די פראגעס וועגן די אויפאנים פון אגיטאציע (צוגעפאסט צו דער באזונדערער שפראך, באזונדערער פסיכאָלאָגיע, באזונדערער קולטור פון די יידן), וועט עס זיין א טעכנישע (?) אווטאָנאָמיע. אָבער אזא אווטאָנאָמיע באטייט די פארניכטונג פון יעדער זעלבשטענדיקייט, ווייל דערמיט באנוצט זיך יעדער קאָמיטעט פון דער פארטיי, און צוגלייכן דעם „בונד“ צו די קאָמיטעטן הייסט אָפלייקענען אווטאָנאָמיע. אויב מע זאָל אָבער פארשטיין אונטער אווטאָנאָמיע די אווטאָנאָמיע אין אייניקע פראָגראם-פראגעס, איז אן אומזין אָפצונעמען באם „בונד“ יעדע זעלבשטענדיקייט אין די איבעריקע פראָגראם-פראגעס; זעלבשטענדיקייט אין פראָגראם-פראגעס זעצט פאָרויס אומבאדינגט א פאָרשטייערשאפט פון „בונד“, אלס אזעלכן, אין די צענטראלע אָרגאנען פון דער פארטיי, דאָס הייסט, ניט אווטאָנאָמיע, נאָר פעדעראציע. א פעסטן באזיס פאר דער לאגע פון „בונד“ אין דער פארטיי דארף מען זוכן אין דער געשיכטע פון דער יידישער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אין רוסלאנד. די דאָזיקע געשיכטע ווייזט אונדז די צוזאמענגיסונג פון אלע אָרגאניזאציעס, וואָס פירן אן ארבעט צווישן די יידישע ארבעטער, אין איין פארבאנד — דעם „בונד“ — און די פארברייטערונג פון זיין טעטיקייט פון ליטע אף פוילן און דערנאָך אף דאָרעם-רוסלאנד. די געשיכטע האָט, הייסט עס, אומגעוואָרפן אלע ראיאָנישע שייד-ווענטלעך און האָט ארויסגערוקט דעם „בונד“, ווי דעם איינציקן פאָרשטייער

פונעם יידישן פראָלעטאַריאַט. אָט איז א פּרינציפּ, וואָס איז ניט קיין פּרוכט פון א ליידיקגייערישן סייכל (?), נאָר א רעזולטאַט פון דער גאנצער געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער-באוועגונג: דער „בונד" איז דער איינציקער פאָר-שטייער פון די אינטערעסן פונעם יידישן פראָלעטאַריאַט. און, פאַרשטייט זיך, אז די אָרגאניזאַציע פונעם פּראָלעטאַריאַט פון א גאנצער נאַציאָ-נאַליטעט קאָן אַרײַנגיין אין דער פּאַרטיי נאָר ווען זי איז פעדעראַטיוו אײַנגע-אָרדנט: דער יידישער פּראָלעטאַריאַט איז ניט נאָר א טייל פון דער אַל-וועלטלעכער פאַמיליע פּראָלעטאַריער, נאָר אויך א טייל פון דעם יידישן פאָלק, וואָס פאַרנעמט א באַזונדער לאַגע צווישן אנדערע פעלקער. ענדלעך, די פעסטע אייניקײַט צווישן די טיילן פון דער פּאַרטיי דריקט זיך אויס דאַפקע אין א פעדעראַציע, ווײַל דער גרונט-צייכן פון דער לעצטער איז, — יעטווידער באַשטאַנד-טייל פון דער פּאַרטיי זאָל נעמען אַן אומיטלבאַרן אָנטייל אין אירע איניאַנים; אַלע טיילן פון דער פּאַרטיי פילן זיך דעמלט גלײַכבאַרעכטיקט. אווטאָנאָמיע אָבער זעצט פאָרויס רעכטלאָזיקייט פון די טיילן פון דער פּאַרטיי, גלײַכגילטיקייט צו די אַלגעמיינע איניאַנים, קעגנזײַטיקן אומצוטרוי, רײַבונגען און צוזאַמענשטויסן.

אָט דאָס איז די ארגומענטאַציע פון דעם אווטער, וואָס מיר האָבן איבער-געגעבן קימאַט אויסשליסלעך מיט זײַנע אייגענע אויסדריקן. זי באַשטייט פון דרײַ פונקטן: מאָטיוון פון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער מיקויעד דער אינעווייניקסטער ווידערשפּרעכלעכקײַט פון אווטאָנאָמיע און אז זי טויג ניט פונעם שטאַנד-פונקט פון ענגער אייניקײַט צווישן די טיילן פון דער פּאַרטיי; לעקציעס פון דער געשיכטע, וואָס האָט אַרויסגערוקט דעם „בונד", ווי דעם איינציקן פאָרשטייער פונעם יידישן פראָלעטאַריאַט, און, ענדלעך, דאָס פאַרופן זיך אַף דעם, אז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט איז א פּראָלעטאַריאַט פון א גאנצער נאַציאָנאַליטעט, וועלכע פאַרנעמט א באַזונדער לאַגע. דער אווטער וויל זיך, הייסט עס, שטיצן אי אַף אַלגעמיינע אָרגאַניזיר-פּרינציפּן, אי אַף לעקציעס פון דער געשיכטע, אי אַף דער אידייע פון נאַציאָנאַליטעט. דער אווטער פלײַסט זיך — מע דאַרף זאָגן דעם עמעס — צו באַטראַכטן די פראַגע פון אַלע זײַטן. און טאַקע דעריבער שטרײַכט אונטער זײַן אַרגומענטאַציע אַזוי בולעט די פּאָזיציע, וואָס דער „בונד" האָט פאַרנומען אין דער פראַגע, וועלכע האָט אונדז אַלעמען אַזוי אויפגערודערט.

באַ פעדעראַציע, זאָגט מען אונדז, זײַנען די טיילן פון דער פּאַרטיי גלײַכ-באַרעכטיקט און נעמען אומיטלבאַר אָנטייל אין די אַלגעמיינע איניאַנים; באַ אווטאָנאָמיע זײַנען זיי רעכטלאָזיק און, ווי אַזעלכע, נעמען זיי ניט קיין אָנטייל אין דעם אַלגעמיין-פּאַרטייישן לעבן. די דאָזיקע כקירע געהערט אינ-גאַנצן צום געביט פון באַשײַמפּערלעכע אומגעלומפּערטקײַטן, — זי איז, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, ענלעך אַף יענע כקירעס, וועלכע די מאַטעמאַטיקער רופן אָן מאַטעמאַטישע סאָפיזמען און אין וועלכע עס ווערט דערוויזן, — אין פלוג דורך א שטרענג לאָגישן וועג, — אז צוויי מאָל צוויי איז פינף, אז א טייל איז גרע-סער פאַרן גאנצן און אז. וו. עס זײַנען פאַראַן זאַמלונגען פון אַזעלכע מאַטע-מאַטישע סאָפיזמען, און פאַר לערנקינדער ברענגען זיי א געוויסן נוצן. אָבער מענטשן, וועלכע מיינען צו זײַן די איינציקע פאָרשטייער פונעם יידישן פּראָ-

לעטאריאַט, פּאסט אפילע גאָר ניט צו דערקלערן אזא עלעמענטארן סאָפיזם, ווי דאָס פארשיידענע באנעמען „טיילן פון דער פארטיי“ אין די צוויי העלפטן פון דער זעלביקער באטראכטונג. ווען מע רעדט וועגן פעדעראציע, מיינט — מען אונטער א טייל פון פארטיי דעם סכום אָרגאניזאציעס אין פארשיידענע געגנטן; ווען מע רעדט וועגן אווטאָנאָמיע, מיינט מען אונטער א טייל פון פארטיי יעדע באזונדערע אָרטיקע אָרגאניזאציע. שטעלט אוועק איינעם לעבן דעם אנדערן אין איין סילאָגיזם אָט די קלוימערשט אידענטישע באגריפן, און איר וועט באקומען דעם אומפארמײַדלעכן אויספיר, אז צוויי מאָל צוויי איז פינף. און אויב פאר די בונדאָווצעס איז נאָך פונדעסטוועגן אלץ ניט קלאָר דער טאָך פון זייער סאָפיזם, איז קאָנען זיי ארײַנקוקן אין זייער אייגענעם סטאטוט-מאקסימום און דערזען דאָרט, אז דאפקע בא פעדעראציע פארבינדן זיך די אָרטיקע אָרגאניזאציעס מיטן צענטער פון דער פארטיי אומדירעקט, און בא אווטאָנאָמיע דירעקט. ניין, בעסער זאָלן שוין אונדזערע פעדעראליסטן ניט ריידן וועגן „ענגער אייניקײַט“! מיטן אָפּלייקענען די האנאָכע, אז פעדעראציע באטײַט אָפּגעזונדערטקײַט, און אווטאָנאָמיע — צוזאמענגיסונג פון די טיילן פון דער פארטיי, קאָן מען בלויז ארויסרופן בא לײַטן א געלעכטער.

ניט פיל געלונגענער איז דער פרווו צו דערווײַזן די „לאָגישע ניט אויסגעהאלטנקײַט“ פון אווטאָנאָמיע, וואָס ווערט געמאכט דורך צעטיילן די לעצטע אף א פּראָגראמאטישער און טעכנישער. שוין די דאָזיקע צעטיילונג אליין איז העכסט אומגעלומפּערט. פארוואָס קאָנען די פראגעס וועגן ספּעציעלע אויפּאנים פון אגיטאציע צווישן די ייִדישע ארבעטער אָנגערופן ווערן טעכנישע? וואָס האָט דאָ צו טאָן טעכניק, ווען עס האנדלט זיך וועגן די באזונדערקײַטן פון שפּראך, פּסיכאָלאָגיע, שטייגער-באדינגונגען? ווי קאָן מען ריידן וועגן זעלבשטענדיקײַט אין פּראָגראם־פראגעס בענוגייע דער פאָדערונג, לעמאָשל, פון בירגערלעכער גלײַכבארעכטיקונג פאר ייִדן? די פּראָגראם פון דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע שטעלט ארויס בלויז גרונט־פאָדערונגען, געמיינזאמע פארן גאנצן פּראָלעטאריאַט, אומאָפּהענגיק פון פּראָפעסיאָנעלע, אָרטיקע, נאציאָנאלע, ראסעווע פארשיידנקײַטן. דורך די דאָזיקע פארשיידנקײַטן ווערט באדינגט דאָס, וואָס איינע און די זעלביקע פאָדערונג פון פולקומער גלײַכהײַט פון די בירגער פארן געזעץ רופט ארויס אין איין אָרט אן אגיטאציע קעגן איין מין אומגלײַכבארעכטיקונג, אין א צווייטן אָרט אָדער בענוגייע צו אנדערע גרופּעס פונעם פּראָלעטאריאַט — קעגן אן אנדער מין אומגלײַכבארעכטיקונג און אז. וו. איינער און דער זעלביקער פּראָגראם־פּונקט ווערט אָנגעווענדעט פארשיידן, אָפּהענגיק פון דער פארשיידנקײַט פון די שטייגער-באדינגונגען, פארשיידנקײַט פון דער קולטור, פארשיידנקײַט פון דער צווישנפארהעלטעניש פון די געזעלשאפטלעכע קויכעס אין פארשיידענע געביטן פון לאנד און אז. וו. די אגיטאציע פאר איינער און דער זעלביקער פּראָגראם־פאָדערונג ווערט געפירט אף פארשיידענע אויפּאנים, אין פארשיידענע שפּראכן, צוגעפּאסט צו די דאָזיקע אלע פארשיידנקײַטן. אווטאָנאָמיע אין די פראגעס, וואָס זײַנען נעגייע ספּעציעל דעם פּראָלעטאריאַט פון א געוויסער ראסע, א געוויסער נאציע, א געוויסן ראיאָן באטײַט, הייסט עס, אז דאָס באשטימען די ספּעציעלע פאָדערונגען, וואָס ווערן ארויסגע-געשטעלט אף אויסצופירן די אלגעמיינע פּראָגראם, דאָס באשטימען די אויפּא-

נים פון אגיטאציע ווערט איבערגעגעבן זעלבשטענדיק צו לייזן דער אנט־שפרעכנדיקער אָרגאניזאציע. די פּארטיי איינגאנצן גענומען, אירע צענטראַלע אנשטאַלטן שטעלן איין די אלגעמיינע גרונט־פּרינציפּן פון דער פּראָגראם און טאקטיק; און די פארשיידענע אויפגאבן פון דורכפירן אין דער פּראקטיק און אין דער אגיטאציע די דאָזיקע פּרינציפּן ווערן איינגעשטעלט דורך די פארשיידענע פארטיי־אָרגאניזאציעס, וועלכע זיינען אונטערגעאָרדנט דעם צענטער, אין העסקעם מיט די אָרטיקע, ראסעווע, נאציאָנאַלע, קולטורעלע און אז. וו. פארשיידנקייטן.

פרעגט זיך, צי דען איז אזא באַגריף פון אווטאָנאָמיע ניט קלאָר? און צי איז דען ניט קיין אויסגעשפּראָכענע סכאָלאסטיק דאָס צעטיילן די אווטאָנאָמיע אף פּראָגראמאטישע און טעכנישע פּראגעס?

גיט א קוק, ווי „לאָגיש עס ווערט אנאליזירט" דער באגריף פון אווטאָנאָ־מיע אין דער בראָשור, וואָס מיר באטראכטן. „פון דער גאנצער מאסע פּראגעס, מיט וועלכע עס קומט אויס האָבן צו טאָן דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, — זאָגט די דאָזיקע בראָשור וועגן דעם פּרינציפּ פון אווטאָנאָמיע, וואָס איז געלייגט געוואָרן אין יעסאָד פונעם מאניפעסט פון 1898־טן יאָר, — ווערן אויסגעטיילט (sic!!) אייניקע פּראגעס, וואָס וועגן זיי ווערט אָנערקענט, אז זיי זיינען נעגייע ספּעציעל דעם יידישן פּראָלעטאריאט... די אווטאָנאָמישקייט פונעם „בונד" ענדיקט זיך דאָרט, ווו עס הייבט זיך אָן דער געביט פון אלגעמיינע פּראגעס... פונדאנען דרינגט ארויס די צווייטע לאגע פון „בונד" אין דער פּארטיי. אין די ספּעציעלע פּראגעס טרעט ער ארויס, ווי דער „בונד"... אין אלגע־מיינע פּראגעס פארלירט ער זיין פיזיאָנאָמיע און ווערט צוגעגליכן צו אן איינפאכן קאָמיטעט פון דער פּארטיי"... די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פּראָגראם פאָדערט די פולשטענדיקע גלייכהייט פון אלע בירגער פארן געזעץ. אף אויס־צופירן די דאָזיקע פּראָגראם שטעלט ארויס דער יידישער ארבעטער אין ווילנע איין ספּעציעלע פאָדערונג, און דער באשקיר, דער ארבעטער אין אופא, א גאנץ אנדער ספּעציעלע פאָדערונג. צי באטייט עס, אז „פון דער מאסע פּראגעס" ווערן „אויסגעטיילט אייניקע"? אויב די אלגעמיינע פאָדערונג פון גלייכבארעכטיקונג ווערט דורכגעפירט אין לעבן דורך ארויסשטעלן א ריי ספּעציעלע פאָדערונגען; וועגן פארניכטן ספּעציעלע מינים פון אומגלייכבארעכ־טיקטקייטן, איז צי דען ווערן דאָ די ספּעציעלע פּראגעס אויסגעטיילט פון די אלגעמייגע פּראגעס? די ספּעציעלע פאָדערונגען ווערן ניט אויסגעטיילט פון די אלגעמיינע, נאָר זיי ווערן געשטעלט אף אויסצופירן די אלגעמיינע פאָדערונגען פון דער פּראָגראם. עס ווערט אויסגעטיילט דאָס, וואָס איז ספּע־ציעל נעגייע דעם יידן אין ווילנע, פון דעם, וואָס איז ספּעציעל נעגייע דעם באשקיר אין אופא. די פאראלגעמיינערונג פון זייערע פאָדערונגען, די פאר־טרעטערשאפט פון זייערע אלגעמיינע קלאסן־אינטערעסן (און ניט פון די ספּעציעלע, פּראָפעסיאָנעלע, ראסעווע, אָרטיקע, נאציאָנאלע און ד. גל.) איז די זאך פון דער גאנצער פּארטיי, די זאך פון פּארטיי־צענטער. דוכט זיך, דער איניען איז גאנץ קלאָר! פארפּלאָנטערט האָבן אים אָבער די בונדאָווצעס דערפאר, וואָס אָנשטאָט א לאָגישן אנאליז האָבן זיי אונדז נאָכאמאָל און ווי־דעראמאָל געגעבן מוסטערן פון לאָגישע אומגעלומפּערטקייטן. זיי האָבן אב־סאָליוט ניט פארשטאנען די פארהעלטעניש פון די אלגעמיינע פאָדערונגען פון

דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע צו די ספעציעלע. זיי האָבן זיך אײַנגעבילדעט, אז „פון דער גאנצער מאסע פראגעס, מיט וועלכע עס קומט אויס צו האָבן צו טאָן דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע, ווערן אויסגעטיילט אייניקע", בייס אין דער ווירקלעכקײַט איז יעדע פראגע, וואָס ווערט באַרירט אין אונדזער פראָגראם, א פאראלגעמיינערונג פון א גאנצער ריי ספעציעלע פראגעס און פאָדערונגען; יעדער פראָגראם-פונקט איז געמיינזאם פארן גאנצן פראָלעטאריאט, און אין דער זעלביקער צײַט צעטיילט ער זיך אף ספעציעלע פראגעס, אָפהענגיק פון דער פארשיידנקײַט פון די פראָפעסיעס פון די פראָלעטאריער, פון זייערע באַדינגונגען, פונעם שטייגער, פון דער שפראך און אז. וו. און אז. וו. די בונדאָוועס ברענגט אין פארלעגנהײַט די ווידערשפּרעכלעכקײַט און צווייענדיקײַט פון דער לאגע פון „בונד", וועלכע באשטייט, פארשטייט איר מיך, אין דעם, וואָס אין די ספעציעלע פראגעס טרעט ער ארויס, ווי דער „בונד", און אין אלגעמיינע פארלירט ער זײַן פיזיאָנאָמיע. אביסל א טראכט געטאָן, וואָלטן זיי דערזען, אז אזא מין „צווייִקײַט" עקסיסטירט אין דער לאגע אומבאדינגט פון איטלעכן ארבעטער סאָציאַל-דעמאָקראט, וועלכער טרעט ארויס אין ספעציעלע פראגעס אלס א פאָרשטייער פון א געוויסער פראָפעסיע, אלס א מיטגליד פון א געוויסער נאציע, אלס אן אײַנוווינער פון א געוויסער געגנט, און אין אלגעמיינע פראגעס „פארלירט ער זײַן פיזיאָנאָמיע" און ווערט צוגעגליכן צו יעדן אנדערן סאָציאַל-דעמאָקראט. די אווטאָנאָמיע פון „בונד", לויטן סטאטוט פון 1898 י., איז אן אבסאָליוט אײַנארטיקע דערשײַנונג מיט דער אווטאָנאָמיע פונעם טולער קאָמיטעט; נאָר די גרענעצן פון אָט דער אווטאָנאָמיע זײַנען אביסל אנדערע און אביסל מער ברייטע אין ערשטן פאל, איידער אין צווייטן. און אבסאָליוט גאָרנישט, אכוץ שרײַענדיקע לאָגישע אומגעלומפּערטקײַט, אנטהאלט ניט די פאָלגנדיקע האנאָכע, מיט וועלכער דער „בונד" פרעגט אָפּ אזא אויספיר: „אויב דעם „בונד" ווערט געגעבן זעלבשטענדיקײַט אין אייניקע פראָגראם-פראגעס, איז אף וואָס פאר א גרונט ווערט בא אים אָפּגענומען יעדע זעלבשטענדיקײַט אין די איבעריקע פראָגראם-פראגעס"? דאָס דאָזיקע אנטקעגנשטעלן די ספעציעלע פראגעס אנטקעגן די אלגעמיינע, ווי „אייניקע" אנטקעגן „די איבעריקע" איז אן אומפארגלײַכלעכער מוסטער פון בונדישן „לאָגישן אנאליז"! מענטשן קאָנען בעשומויפן ניט פארשטיין, אז דאָס באטײַט אנטקעגנשטעלן די פארשיידענע פארב, טאם און רייעך פון איינצלנע עפל אנטקעגן דער צאָל פון די „איבעריקע עפל". מיר וואגן צו פארזיכערן אײַך, מײַנע הערן, אז ניט נאָר אייניקע, נאָר יעדער עפל האָט דעם אָדער יענעם ספעציפישן טאם, פארב און רייעך. ניט נאָר אין „אייניקע", נאָר אין אלע אָן אויסנאם פראָגראם-פראגעס ווערט אײַך געגעבן זעלבשטענדיקײַט, מײַנע הערן, נאָר גראָד אף אזויפיל, אף וויפל עס האנדלט זיך וועגן אָנווענדן די דאָזיקע פראגעס צו די ספעציעלע באזונדערקײַטן פונעם יידישן פראָלעטאריאט. Mein teuerer Freund, ich rath' Euch drum zuerst Collegium logicum! (מײַן ליבער פרײַנט, איך ראָט אײַך דעריבער צוערשט דורכגיין די שול פון לאָגיק).

דער צווייטער ארגומענט פון די בונדאָוועס באשטייט אין פארופן זיך אף דער געשיכטע, וועלכע האָט קלוימערשט ארויסגערוקט דעם „בונד", ווי דעם איינציקן פאָרשטייער פונעם יידישן פראָלעטאריאט.

די דאָזיקע האַנאָכע איז, ערשטנס, ניט ריכטיק. דער אויטער פון דער בראָשור זאָגט אליין, אז „די אַרבעט פון אנדערע אָרגאַניזאַציעס (אויסער דעם „בונד“) אין דער דאָזיקער ריכטונג (ד. ה. די אַרבעט צווישן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט) איז אָדער זי האָט גאָרנישט ניט געגעבן, אָדער זי האָט געגעבן רעזולטאַטן, וואָס פאַרדינען ניט קיין שום אויפמערקזאַמקייט“. הייסט עס, אַן אַרבעט האָט זיך געפירט, ווי ער אליין אָנערקענט, און הייסט עס, אז קיין איינציקער פאָרשטייער פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט איז דער „בונד“ ניט געווען; אינעם אָפּשאַצן די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער אַרבעט וועט זיך קיינער, פאַרשטייט זיך, ניט פאַרלאָזן אַף דער מיינונג פון „בונד“ אליין; עס איז, ענדלעך, ניט אומבאַוווּסט, אז דער „בונד“ פלעגט זיך קעגנשטעלן דער אַרבעט פון אנדערע אָרגאַניזאַציעס צווישן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט (עס איז גענוג אָנצורופן דעם באַוווּסטן עפּיזאָד פונעם קאַמף פון „בונד“ קעגן דעם קאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט פון דער פאַרטיי, וואָס האָט זיך דערוועגט אַרויסצולאָזן א פּראָקלאַמאַציע צו די יידישע אַרבעטער), — הייסט עס, אז אויב די רעזולטאַטן וואָלטן אפילע ווירקלעך געווען אַזעלכע, וואָס פאַרדינען ניט קיין שום אויפמערקזאַמקייט, איז א טייל שולד פון דעם פאַלט אַפן „בונד“ גופא.

ווייטער. דער טייל עמעס, וואָס איז פאַראַן אין דער היסטאָרישער אינפאָרמאַציע פון „בונד“, דערווייזט נאָך אַבסאָליוט ניט די ריכטיקייט פון זיין אַרגומענטירונג. די פאַקטן, וואָס זיינען ווירקלעך געווען און וועלכע דער „בונד“ האָט אין זינען, ריידן ניט פאַר, נאָר קעגן אים. די דאָזיקע פאַקטן באַשטייען אין דעם, וואָס דער „בונד“ האָט עקסיסטירט און זיך אַנטוויקלט,—אין משך פון די פינף יאָר, וואָס זיינען אַריבער זינט דעם ערשטן צוזאַמענפאָר, — גאַנץ זעלבשטענדיק און אומאָפּהענגיק פון די איבעריקע אָרגאַניזאַציעס פון דער פאַרטיי. ביכלל איז פאַר אָט דער צייט צווישן אַלע אָרגאַניזאַציעס פון דער פאַרטיי דער פאַקטישער צוזאַמענבונד געווען זייער א שוואַכער, אָבער דער צוזאַמענבונד פון „בונד“ מיט די איבעריקע טיילן פון דער פאַרטיי איז געווען ניט נאָר פיל שוואַכער, איידער דער צוזאַמענבונד צווישן די איבעריקע אָרגאַניזאַציעס, נאָר פלעגט אַלץ מער אָפּגעשוואַכט ווערן. אז דער „בונד“ פלעגט אליין אָפּשוואַכן דעם דאָזיקן צוזאַמענבונד,—דאָס דערווייזט דירעקט די געשיכטע פון די אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס פון אונדזער פאַרטיי. אין 1898 יאָר זיינען די מיטגלידער פון „בונד“ אַריין אין איין אַלגעמיינער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין אויסלאַנד; צום 1903-טן יאָר האָבן זיי זיך אויסגעטיילט אין א גאַנץ זעלבשטענדיקער און אומאָפּהענגיקער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע. די זעלבשטענדיקייט און אומאָפּהענגיקייט פון „בונד“ רופט ניט אַרויס קיין שום ספק, ווי אויך דאָס, וואָס זיי ווערן וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער.

איז וואָס דרינגט אַרויס פון אָט דעם אומאָפּעקדיקן פאַקט? פאַר די בונדאָווצעס — דרינגט אַרויס פונדאַנען די נייטיקייט צו בוקן זיך פאַרן דאָזיקן פאַקט, קנעכטיש אונטערצוּוואַרפן זיך אונטער אים, פאַרוואַנדלען אים אין א פּרינציפּ, אין דעם איינציקן פּרינציפּ, וועלכער גיט א פעסטן באַזיס פאַר דער דער לאַגע פון „בונד“, פאַרגעזעצלעכן דעם דאָזיקן פּרינציפּ אינעם סטאַטוט, וועלכער דאַרף אָנערקענען דעם „בונד“ פאַרן איינציקן פאָרשטייער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דער פאַרטיי. אָבער לויט אונדזער מיינונג, איז אַזא אויספיר

אויסגעשפּראָכנסטער אָפּאָרטוניזם, „עקיזם“ פונעם ערגסטן סאָרט. פון דער פינפיאָריקער געשיכטע פון דער צעשפּליטערונג דאַרף מען מאַכן דעם אויספיר ניט וועגן פאַרגעזעצלעכן צעשפּליטערונג, נאָר וועגן דער נייטיקייט איינמאָל פאַר אַלעמאָל צו מאַכן אַ סאָף דערמיט. און צי דען קאָן נאָך ווער ניט איז לייקענען, אַז דאָס איז ווירקלעך געווען אַ צעשפּליטערונג? זעלבשטענדיק און אומאָפּהענגיק האָבן זיך פאַר דער צײַט אַנטוויקלט אַלע טיילן פון דער פּאַרטיי,—צי דאַרף מען שוין עפּשער פון דעם ניט אַרויסברענגען דעם „פּרינציפּ“ פון אַ פעדעראַציע צווישן סיביר, קאַווקאַז, אוראַל, דאָרעם און אַז. וו.?? די בונדאָווצעס אַליין זאָגן, אַז די פּאַרטיי האָט אין זינען פון אָרגאַניזאַציאָנעלן פאַראייניקן די טיילן פאַקטיש ניט עקסיסטירט,—איז ווי אַזוי זשע קאָן מען פון דעם, וואָס עס האָט זיך אויסגעבילדעט באַ דעם ניט־עקסיסטירן פון דער פּאַרטיי, מאַכן אַן אויספיר איבער דער פראַגע וועגן ווידערופשטעלן די אָרגאַניזאַציאָנעלע איינהייט? ניין, מײַנע הערן, אײַער פאַרופן זיך אויף דער געשיכטע פון דער צעשפּליטערונג, וועלכע האָט געשאַפן די אָפּגעזונדערטקייט, דערווײַזט אבסאָליוט קיין זאַך ניט, אויסער דער אומנאָרמאַלקייט פונעם דאָזיקן אָפּגעזונדערטן צושטאַנד. אַרויסברענגען אַן אָרגאַניזיר־„פּרינציפּ“ פון עטלעכע יאָר פּאַרטייישער דעזאָרגאַניזאַציע הייסט האַנדלען פּונקט ווי יענע פאָרשטייער פון דער היסטאָרישער שול, וואָס זײַנען, לויט מאַרקס באַוווסטער סאַרקאַסטישער באַמערקונג, גרייט געווען צו פאַרטיידיקן די בײַטש אויף דעם סמאַך, וואָס די בײַטש איז אַ היסטאָרישע.

אַלזאָ, ניט דער „לאָגישער אַנאַליז“ פון דער אווטאָנאָמיע, ניט די היסטאָרישע אינפאָרמאַציעס קאָנען לאַכלוטן ניט געבן אפילו קיין שאָטן פון „פּרינציפּיעלער“ באַגרינדונג פון דער בונדישער אָפּגעזונדערטקייט. דערפאַר האָט אָן ספק אַ פּרינציפּיעלן כאַראַקטער דער דריטער אַרגומענט פון „בונד“, וואָס באַשטייט אין אַפּעלירן צו דער אידייע פון אַ יידישער נאַציע. צום באַדויערן אָבער, איז די דאָזיקע ציאָניסטישע אידייע אַן אַבסאָליוט פאַלשע און רעאַקציאָנערע לויט איר עצם מהות. „די יידן האָבן אויפגעהערט צו עקסיסטירן אַלס אַ נאַציע, וואָס איז אומדענקבאַר אָן אַ באַשטימטער טעריטאָריע“,—זאָגט איינער פון די אָנגעזעענסטע מאַרקסיסטישע טעאָרעטיקער, קאַרל קאַוטסקי (ז. „איסקרא“ נום. 42 און דעם באַזונדערן אָפּדרוק פון דאָרט „די קישענעווער שכיטע און די יידן־פראַגע“, ז. 3). און מיט אַ קורצער צײַט צוריק, באַטראַכטנדיק די פראַגע וועגן די נאַציאָנאַליטעטן אין עסטרײַך, האָט דער זעלביקער שרײַבער, פּרוּווּנדיק געבן אַ וויסנשאַפטלעכע דעפיניציע פון דעם באַגריף נאַציאָנאַליטעט, פעסטגעשטעלט צוויי גרונט־סימאָנים פונעם דאָזיקן באַגריף: שפּראַך און טעריטאָריע „Die Neue Zeit“ (1903, נום. 2). וואָרט אין וואָרט דאָס זעלביקע שרײַבט איינער אַ פראַנצויזישער ייד, דער ראַדיקאַל אַלפרעד נאַקע, פּאָלעמיזירנדיק מיט די אַנטיסעמיטן און ציאָניסטן. „אויב בערנאַר לאַזאַרן,—שרײַבט ער וועגן דעם באַוווסטן ציאָניסט,—געפעלט צו האַלטן זיך פאַר אַ בירגער פון אַ באַזונדערן פאָלק, איז עס זײַן זאַך; אָבער איך דערקלער, אַז כאָטש איך בין געבאָרן געוואָרן אַ ייד... אָנערקען איך ניט די יידישע נאַציאָנאַליטעט... איך האָב ניט קיין אַנדער נאַציאָנאַליטעט, אויסער דער פראַנצויזישער... צי שטעלן מיט זיך די יידן פאָר אַ באַזונדער פאָלק? כאָטש אין דער גאָר ווײַטער פאַרגאַנגענהייט זײַנען זיי,

אָן סאָפעק, געווען א פאָלק, פונדעסטוועגן ענטפער איך אף דער דאָזיקער פראגע מיט א קאטעגאָרישן ניין. דער באגריף פאָלק זעצט פאָרויס געוויסע באדינגונגען, וועלכע זײַנען אין דעם געגעבענעם פאל ניט פאראן. א פאָלק דארף האָבן א טעריטאָריע, אף וועלכער עס זאָל זיך אנטוויקלען, און דערנאָך, ווייניקסטנס אין אונדזער צײַט, קאָלזמאן אן אלוועלטלעכע קאָנפעדעראציע האָט נאָך ניט פארברייטערט דעם דאָזיקן באזיס, דארף א פאָלק האָבן א געמיינזאמע שפראך. בא די יידן איז שוין ניט פאראן ניט קיין טעריטאָריע, ניט קיין געמיינזאמע שפראך... בערנאר לאזאר האָט, אף געוויס, אזוי ווי איך, ניט געקאָנט קיין איין וואָרט יידיש, און אים וואָלט ניט גרינג געווען, אויב דער ציאָניזם וואָלט דערגרייכט צו זײַן ציל, צונויפריידן זיך מיט זײַנע שטאם־ברידער (congénères) פון אנדערע וועלט-טיילן" ("La Petite République", 24 סענטיאבער 1903-טן יאָר). „די דײַטשישע און פראנצויזישע יידן זײַנען גאָר ניט ענלעך צו די פוילישע און רוסישע יידן. די כאראקטעריסטישע שטריכן פון יידן האָבן גאָרנישט ניט אזוינס, וואָס זאָל טראָגן אף זיך א שטעמפל (empreinte) פון נאציאָנאליטעט. אויב מע וואָלט געמעגט צוזאמען מיט דרומאָנען אָנערקענען די יידן פאר א נאציע, וואָלט עס געווען א קינסטלעכע נאציע. דער מאָדערנער ייד איז א פראָדוקט פון א קעגן-נאטירלעכן אָפקלײַב, אונטער וועלכן זײַנע עלטערזיידעס זײַנען געווען אונטערגעוואָרפן אין א מעשעך פון קימאט 18 יאָרהונדערטן". פאר די בונדאָווצעס פארבלײַבט סײַדן צו באארבעטן די אידייע פון א באזונדערער נאציאָנאליטעט פון די רוסישע יידן, וואָס איר שפראך איז דער זשארגאָן און איר טעריטאָריע—דער טכום.

די אבסאָליוט אין וויסנשאפטלעכן זינען* גרונטלאָזיקע אידייע וועגן א באזונדערן יידישן פאָלק איז רעאקציאָנער לויט איר פאָליטישער באדײַטונג. אן אומבאשטרײַטבארער פראקטישער באווײַז פון דעם זײַנען די אלגעמיין-באוווסטע פאקטן פון דער ניטלאנגאָניקער געשיכטע און פון דער איצטיקער פאָליטישערווירקלעכקײַט. אין גאנץ אייראָפע איז דאָס פאלן פונעם מיטלאלטער און די אנטוויקלונג פון פאָליטישער פרײַהײַט געגאנגען האנט אין האנט מיט דער פאָליטישער עמאנסיפאציע פון די יידן, מיט זייער איבערגאנג פון זשארגאָן צו דער שפראך פון יענעם פאָלק, צווישן וועלכן זיי לעבן, און ביקלאל מיט אן אָנסאָפעקדיקן פראָגרעס פון זייער אסימילירן זיך מיט דער ארומיקער באפעלקערונג. צי דען דארפן מיר זיך ווידער אומקערן צו אייגנארט-טעאָריעס און דערקלערן, אז דאפקע רוסלאנד וועט זײַן אן אויסנאם, כאָטש די בא־

* ניט נאָר די נאציאָנאלע, נאָר אפילע אויך די ראסן־באזונדערקײַטן פונעם יידנטום ווערן אָפגעוואָרפן דורך דער מאָדערנער וויסנשאפטלעכער פאָרשונג, וועלכע רוקט ארויס אפן ערשטן פלאן די באזונדערקײַטן פון דער געשיכטע פונעם יידנטום. „צי דרינגט ארויס די באזונדערקײַט פונעם יידנטום פון זײַן ראסן־כאראקטער?" — פרעגט ק. קאוטסקי און ענטפערט, אז מיר ווייסן אפילע ניט גענוי, וואָס איז עס אזוינס אייגנטלעך ראסע. — „מיר האָבן ניט קיין שום בארערפעניש אָנצוקומען צו דעם באגריף ראסע, וואָס גיט ניט קיין ווירקלעכן ענטפער און הייבט בלויז אוף נײַע פראגעס. עס איז גענוג נאָכצוקוקן די געשיכטע פון יידישן פאָלק, כדי קלאָר צו מאכן די סיבעס פון זײַן כאראקטער". און אזא קענער פון דער דאָזיקער געשיכטע, ווי רענאן, זאָגט: „די באזונדערע שטריכן פון די יידן און דער שטייגער פון זייער לעבן זײַנען פיל מער א רעזולטאט פון סאָציאלע באדינגונגען (nécessités sociales), וועלכע האָבן געווירקט אף זיי אין מעשעך פון דורות, איידער א ראסן־אונטערשייד (phénomène de race)".

פרײַזונג-באוועגונג פון די יידן איז אסאך טיפער און אסאך ברייטער אין רוס-לאנד, אדאנק דער אופוואכונג פונעם העלדישן זעלבסטבאוווסטזײַן צווישן דעם יידישן פראָלעטאריאַט? צי דען קאָן מען דערקלערן מיט א צופעליקײַט דעם פאקט, אז גראָד די רעאקציאָנערע קויכעס פון גאנץ אייראָפּע און באזונדערס פון רוסלאנד מאָביליזירן זיך קעגן דער אסימיליאציע פונעם יידנטום און פלײַסן זיך צו פארפעסטיקן זײַן אָפּגעזונדערטקײַט?

די יידן־פראגע שטייט טאקע אזוי: אסימיליאציע אָדער אָפּגעזונדערט-קײַט? — און די אידייע פון א יידישער „נאציאָנאליטעט" טראָגט א בוילעט רעאקציאָנערן כאראקטער ניט נאָר בא אירע קאָנסעקווענטע אָנהענגער (די ציאָניסטן), נאָר אויך בא די, וועלכע פרווון צונויפפאָרן זי מיט אידייעס פון דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע (די בונדאָווצעס). די אידייע פון א יידישער נאציאָ-נאליטעט ווידערשפרעכט די אינטערעסן פונעם יידישן פראָלעטאריאַט, שאפנדיק אין אים דירעקט און אומדירעקט א שטימונג, וואָס איז פײַנטלעך צו אסי-מיליאציע, א „געטאָ"-שטימונג. „ווען די נאציאָנאלע פארזאמלונג פון 1791-טן יאָר האָט דעקרעטירט די עמאנסיפאציע פון יידן, — האָט געשריבן רענאן, — האָט זי זיך זייער ווינציק פארנומען מיט דער פראגע וועגן ראסע... די זאך פונעם 19־טן יאָרהונדערט איז פארניכטן אלע „געטאָס", און איך גראַ-טוליר ניט די, ווער עס שטרעבט ווידער אופצושטעלן זיי. די יידישע ראסע האָט פאר דער וועלט די גרעסטע פארדינסטן. זײַענדיק אסימילירט מיט פאר-שיידענע נאציעס, הארמאָניש צוזאמענגעגאָסן מיט פארשיידענע נאציאָנאלע איינסן, וועט זי אויך אין דער צוקונפט ארויסווײַזן די פארדינסטן, וואָס זי האָט אין דער פארגאנגענהײַט". און קארל קאוטסקי, וועלכער האָט אין זינען ספּעציעל די רוסישע יידן, דריקט זיך אויס נאָך ענערגישער. די פײַנטשאפט צו אנדערש-שטאמיקע שיכטן פון דער באפעלקערונג קאָן באזײַטיקט ווערן „נאָר דורכדעם, וואָס די אנדערש־שטאמיקע שיכטן פון דער באפעלקערונג וועלן אופהערן צו זײַן פרעמדע, וועלן זיך צוזאמענגיסן מיט דער אלגעמיינער מאסע פון דער באפעלקערונג. דאָס איז די איינציקע מעגלעכע לייזונג פון דער יידן־פראגע, און מיר דארפן שטיצן אלץ דאָס, וואָס עס העלפט מיטצו באזײַטיקן די יידישע אָפּגעזונדערט-קײַט". און אָט, קעגן אָט דער איינציקער מעגלעכער לייזונג שטעלט זיך דער „בונד" קעגן, ניט באזײַטיקנדיק, נאָר פארשטארקנדיק און פארגעזעצלעכנדיק די יידישע אָפּגעזונדערטקײַט דורך פארשפרייטן די אידייע פון א יידישער „נאציע" און דעם פּראָיעקט פון א פעדעראציע פון די יידישע פראָלעטאריער מיט די ניט יידישע. דאָס איז דער גרונט-פעלער פונעם „בונדיזם", וועלכער דארף און וועט אויסגעבעסערט ווערן דורך די קאָנסעקווענטע פאָרשטייער פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראטיע. דער דאָזיקער פעלער דערפירט די בונ-דאָווצעס ביז אזא אומדערהערטער זאך אין דער אינטערנאציאָנאלער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, ווי אופוועקן אומצוטרוי פון די יידישע פראָלעטאריער צו די ניט יידישע, ווארפן א כשאד אף די לעצטע, פארשפרייטן ליגנס וועגן זיי. אָט איז א באווײַז, וואָס מיר נעמען פון דער זעלביקער בראָשור: „אזא אומזין (אז די אָרגאניזאציע פונעם פראָלעטאריאַט פון א גאנצער נאציאָנאליטעט זאָל ניט האָבן קיין רעכט פון פאָרשטייערשאפט אין די צענטראלע אָרגאנען פון דער

פּאַרטיי) קאָן אָפן געפרייידיקט ווערן נאָר (באַמערקט עס!) בענעגייע צום ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכן עס קומט נאָך אויס צוליב דעם באַזונדערן היסטאָרישן גורל פונעם ייִדישן פאָלק צו קעמפן פאַר א גלייַכבארעכטיקטער לאגע (!!) אין דער פאַמיליע פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט". מיר האָבן ניט לאַנג באגעגנט פּונקט אזא מין אויספאַל אין איינעם א ציאָניסטישן בלעטל, וואָס זייַנע אַוועטערן שיטן פּעך און שוועבל אף דער „איסקרא", אייַנזעענדיק אין איר קאַמף מיטן „בונד" דאָס ניט וועלן אָנערקענען די „גלייַכבארעכטיקונג" פון דעם ייִדן מיט דעם ניט ייִדן. און איצט כאַזערן די בונדאָווצעס איבער די ציאָניסטישע שטיק! עס ווערט פאַרשפּרייט אן אָפּענער ליגן, ווייַל מיר האָבן ניט „נאָר" צו ייִדן, נאָר אויך בענעגייע צו אַרמענער, גרוזינער און אז. וו. „געפרייידיקט" „דאָס אָפּנעמען די פאָרשטייערשאַפט", און אויך בענעגייע די פּאָליאַקן האָבן מיר גערופן צו דערנעענטערונג, אייניקייַט, צוזאַמענגיסונג פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער קעמפט מיט דער צארישער זעלבסטהערשונג. ניט אומזיסט מאַקע האָט אונדז געשטורעמט די פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי)! אָנרופן זייער קאַמף פאַר דער ציאָניסטישער אידייע פון א ייִדישער נאַציע, פאַר דעם פעדעראַטיון פּרינציפּ פון דער אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי „קאַמף פאַר א גלייַכבארעכטיקטער לאגע פון די ייִדן אין דער פּאַמיליע פונעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט" — הייסט אַראָפּפירן דעם קאַמף פונעם געביט פון אידייעס און פּרינציפּן אינעם געביט פון כוישעד זייַן, פון העצן, פון פאַנאַנדערברענען די היסטאָריש געשאַפענע פאָרורטיילן. דאָס הייסט באַשייַמפּערלעך באַווייַזן, אז מע האָט ניט אינעם קאַמף קיין שום ווירקלעך אידייישן און פּרינציפּיעלן געווער.

* * *

מיר זייַנען אף אזא אופן געקומען צום אויספיר, אז ניט די לאָגישע, ניט די היסטאָרישע, ניט די נאַציאָנאַליסטישע מאָטיוון פונעם „בונד" האַלטן ניט אויס קיין שום קריטיק. דער פּעריאָד פון צעשפּליטערונג האָט, פאַרשטאַרקנדיק די וואַקלונגען צווישן די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן און די אָפּגעזונדערטקייַט פון אייַנצלנע אָרגאַניזאַציעס, זיך אָפּגערופן אין דער זעלביקער ריכטונג און אפילע נאָך שטאַרקער אף די בונדאָווצעס. אָנשטאָט צו שטעלן פאַר זייער לאָזונג דעם קאַמף מיט דער דאָזיקער היסטאָריש געשאַפענער (און דורך דער צעשפּליטערונג פאַרשטאַרקטער) אָפּגעזונדערטקייַט, האָבן זיי זי דערהויבן צו א פּרינציפּ און האָבן זיך צוליב דעם אָנגעכאַפּט פאַר סאָפיזמען מיקויעך דער אינערלעכער ווידערשפּרעכלעכקייַט פון אַוטאָנאָמיע, פאַר דער ציאָניסטישער אידייע פון א ייִדישער נאַציע. נאָר דאָס אָנערקענען אנטשיידן און אָפן דעם דאָזיקן פעלער און דאָס פּראָקלאַמירן א קער צו צוזאַמענגיסונג קאָן אַראָפּפירן דעם „בונד" פון יענעם פעלערהאַפטן וועג, אף וועלכן ער האָט זיך געשטעלט. און מיר זייַנען זיכער, אז די בעסטע פאָרשטייער פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אידייעס צווישן דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט וועלן פריִער אָדער שפּעטער צווינגען דעם „בונד" אָפּצוקערעווען זיך פונעם וועג פון אָפּגעזונדערטקייַט אפן וועג צו צוזאַמענגיסונג.

„איסקרא" נומ. 51, 22 אָקטיאַבער 1903 יאָר.

באַנד 6, זז. 78 — 86.

# צו די ייִדישע ארבעטער *

ארויסגעבנדיק אין דער ייִדישער שפּראַך דעם באריכט וועגן דעם 3-טן צוזאמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָצ.־דעם. ארבעטער-פּארטיי, געפינט די רעדאקציע פון דעם צענטראלן אָרגאן פון דער פּארטיי פאר נייטיק צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דער דאָזיקער אויסגאבע.

די באדינגונגען, אין וואָסערע עס לעבט דער באוווסטזיניקער פּראָלעטאריאַט פון דער גאנצער וועלט, זײַנען געריכטעט צו באשאפן וואָס מער ענגע פארבינדונגען פון אייניקײַט אין דעם פּלאנמעסיקן סאָציאַל-דעמאָקראטישן קאמף פון די ארבעטער פון פארשיידענע נאציעס. דער גרויסער לאָזונג: „פּראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!", — וואָס האָט זיך צום ערשטן מאָל געלאָזט הערן מיט העכער א האלב יאָרהונדערט צוריק, איז איצט געוואָרן דער לאָזונג ניט בלויז פון די סאָציאַל-דעמאָקראטישע פּארטייען פון פארשיידענע לענדער. דער דאָזיקער לאָזונג ווערט אלץ מער פארקערפּערט סײַ אין דער פאראייניקונג פון דער טאקטיק פון דער אינטערנאציאָנאלער סאָציאַל-דעמאָקראטיע, סײַ אין דעם באשאפן אן אָרגאניזאציאָנעלע אייניקײַט צווישן די פּראָלעטאריער פון די פארשיידענע נאציעס, וואָס קעמפן פאר פרײַהײַט און פארן סאָציאַליזם אונטער דעם יאָך פון איינער און דער זעלביקער דעספּאָטישער מעלוכע.

אין רוסלאנד זײַנען די ארבעטער פון אלע נאציעס אונטערגעוואָרפן אונטער אזא עקאָנאָמישן און פּאָליטישן דרוק, וואָס עס פארלויפט זיך ניט אין קיין אנדער לאנד, און באזונדערס די, וואָס געהערן ניט צו דער רוסישער נאציע. די ייִדישע ארבעטער לײַדן ניט נאָר פון דעם אלגעמיינעם עקאָנאָמישן און דעם אלגעמיינעם פּאָליטישן דרוק, וואָס שטיקט זיי ווי א רעכטלאָזיקע נאציע, נאָר נאָך אויך פון דעם דרוק, וואָס רויבט אוועק פון זיי די עלעמענטארע בירגער-רעכט. וואָס שווערער עס איז דער דאָזיקער דרוק, אלץ שטארקער איז די נויטווענדיקײַט אין א מער ענגער אייניקײַט צווישן די פּראָלעטאריער פון די פארשיידענע נאציאָנאליטעטן, ווארעם אָן אזא אייניקײַט איז אוממעגלעך א זיגרײַכער קאמף קעגן דעם דאָזיקן דרוק. וואָס פלײַסיקער די רויבערישע צארישע זעלבסטהערשונג סטארעט זיך צו אײַנפלאנצן אָפּגעזונדערטקײַט, אומצוטרוי און סינע צווישן די נאציעס, וואָס זי דריקט אונטער, וואָס עקלהאפטער עס איז איר פּאָליטיק, וועלכע העצט אויף די פינצטערע מאסן צו אכזאָריעסדיקע פּאָגראָמען, אלץ מער פאלט די פליכט אויף אונדז, סאָציאַל־דעמאָקראטן, צו ארבעטן פאר דעם, אז אלע אָפּגעזונדערטע סאָציאַל-דעמאָקראטישע פּארטייען פון די פארשיידענע נאציאָנאליטעטן פון דער רוסישער אימפּעריע

* דעם דאָזיקן ארטיקל האָט דער כ' לענין געשריבן ווי א פאָרוואָרט צו דער ערשטער באָלשעוויסטישער בראָשור אויף ייִדיש „באריכט וועגן דעם דריטן צוזאמענפאָר". אין דער פולער זאמלונג פון לענינס ווערק אין רוסיש, ב. 8, איז דער דאָזיקער ארטיקל ארײַן ווי אן איבערזעצונג פון ייִדיש, ווארעם דער רוסישער אָריגינאל איז פארלאָרן געגאנגען. די זייער זעלטענע ערשטע ייִדישע באָלשעוויסטישע בראָשור, צוזאמען מיטן פאָרוואָרט, איז איבערגעדרוקט אין „צײַטשריפט", ב. 4, אויסגאבע פונעם ייִדישן סעקטער פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע, 1930.
רעראקציע.

זאָלן זיך צונויפגיסן אין איין גאַנצער, איינהייטלעכער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פאַרטיי.

דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון אונדזער פאַרטיי, וואָס איז פאָרגעקומען פרילינג 1898 יאָר, האָט זיך געשטעלט פאַר זיין ציל צו באַשאַפן אָט די איינהייט. קעדיי צו פאַרניכטן יעדן געדאַנק וועגן איר נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, האָט די פאַרטיי זיך אַ נאָמען געגעבן ניט רוסישע, נאָר „רוסלענדישע“. די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע אַרבעטער, דער „בונד“, איז אַריין אין דער פאַרטיי, ווי אַן אויטאָנאָמער טייל. צום באַדויערן, איז פון דאַן אָן די פאַרייניקונג פון די יידישע און ניט-יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין איין פאַרטיי, פאַרניכטעט געוואָרן. צווישן די טוער פון „בונד“ האָבן זיך גענומען פאַרשפרייטן נאַציאָנאַליסטישע אידייעס, וואָס גייען אין אַ שאַרפן ווידערשפרוך מיט דער גאַנצער וועלט-אָנשויונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. אָנשטאָט דער שטרעבונג צו דערנעענטערן די יידישע מיט די ניט-יידישע אַרבעטער, האָט דער „בונד“ געלאָזן זיך אויף דעם וועג פון אָפרייסן די ערשטע פון די לעצטע, אַרויסשטעלנדיק אויף זיינע צוזאַמענפאָרן די אָפגעזונדערטקייט פון די יידן ווי אַ נאַציע. אָנשטאָט פאָרצוזעצן די אַרבעט פון דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָצ.-דעמ. אַרבעטער-פאַרטיי אין דער זייט פון אַ נאָך שטאַרקערער פאַראייניקונג פון „בונד“ מיט דער פאַרטיי, האָט דער „בונד“ געמאַכט אַ שריט צו אָפטיילן זיך פון דער פאַרטיי: דער „בונד“ איז פון אָנהייב אַרויסגעטראָטן פון דער איינהייטלעכער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע ר. ס. ד. א. פ. און האָט געגרינדעט אַן אייגענע, זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע. שפעטער איז דער „בונד“ אַרויסגעטראָטן אויך פון דער ר. ס. ד. א. פ., ווען דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון אונדזער פאַרטיי אין 1903-טן יאָר האָט זיך מיט אַ גרויסער מערהייט אָפגעזאָגט צו אָנערקענען דעם „בונד“ פאַר דעם איינציקן פאָרשטייער פונעם יידישן פראָלעטאַריאַט. דער „בונד“ איז פעסט באַשטאַנען, אַז ער איז ניט נאָר דער איינציקער פאָרשטייער פונעם יידישן פראָלעטאַריאַט, נאָר אַז ער איז, אויסער דעם, אויך ניט באַגרענעצט אין זיין טעטיקייט מיט קיינע ראַיאָנע גרענעצן. דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פ. האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט אָנעמען אַזעלכע באַדינגונגען, וואָרעם אין אַ גאַנצער ריי געגנטן, צ. ב. אין דאָרעם-רוסלאַנד, געפינט זיך דער אָרגאַניזירטער יידישער פראָלעטאַריאַט אין דער אַלגעמיינער פאַרטיי-אָרגאַניזאַציע. ניט רעכענענדיק זיך דערמיט, איז דער „בונד“ אַרויסגעטראָטן פון דער פאַרטיי און האָט, אויף אַזאַ אופן, צעריסן די איינהייט מיט דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פראָלעטאַריאַט, ניט קוקנדיק אויף דער אַרבעט, וואָס איז געמיינזאַם אָפגעטאָן געוואָרן אויפן 2-טן צוזאַמענפאָר, ניט געקוקט אויף דער פראָגראַם און אויף דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן סטאַטוט פון דער פאַרטיי.

די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פאַרטיי האָט אויף איר 2-טן און 3-טן צוזאַמענפאָר אויסגעדריקט איר אומאָפנייגלעכע איבערצייגונג אין דעם, אַז אָט דאָס אַרויסטרעטן פון „בונד“ פון דער פאַרטיי איז געווען אַ טיפער און טרויעריקער פעלער פון זיין זייט. דער פעלער פון דעם „בונד“ איז אַ רעזולטאַט פון זיינע פרינציפיעל ניט אויסגעהאַלטענע, נאַציאָנאַליסטישע אָנשויונגען; — אַ רעזולטאַט פון אַן אומבאַגרינדעטער פרעטענזיע אויף דער

מאָנאָפּאָל צו זײַן דער פאָרשטייער פונעם ייִדישן פּראָלעטאריאַט, פון וואָס עס מוז אומפארמײַדלעך ארויסדרינגען דער פעדעראליסטישער פּרינציפּ פון אָרגאניזאציע; — א רעזולטאט פון דער לאנגאָניקער פּאָליטיק פון דערוויַיטערן זיך און אָפּגעפרעמדט ווערן פון דער פּארטיי. מיר זײַנען זיכער, אז אָט דער פעלער פון „בונד" מוז פאריכט ווערן און וועט אומבאדינגט פאריכט ווערן מיטן ווײַטערדיקן וווּקס פון דער באוועגונג. מיר רעכענען זיך אידייִש אייניק מיט דעם ייִדישן סאָציאַל-דעמאָקראטישן פּראָלעטאריאַט. נאָך דעם 2-טן צוזאמענפאָר האָט אונדזער צענטראל-קאָמיטעט געפירט ניט א נאציאָנאליסטישע פּאָליטיק, נאָר ער האָט זיך געזאָרגט וועגן ארויסבילדן אזעלכע קאָמיטעטן (דער פּאָלעסער, צאָפּן-מײַרעווודיקער), וואָס זאָלן פאראייניקן אין איין גאנצע אלע אָרטיקע ארבעטער סײַ ייִדישע סײַ ניט-ייִדישע. אף דעם 3-טן צוזאמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ. איז אָנגענומען געוואָרן א רעזאָליוציע וועגן ארויסגעבן ליטעראטור אף זשארגאָן. צוטרעטנדיק אויסצופירן אָט די רעזאָליוציע, דרוקן מיר איצטער אף זשארגאָן די פולע איבערזעצונג פון דעם באריכט וועגן דעם 3-טן צוזאמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ., וואָס איז שוין ארויס אין דער רוסישער שפּראך. פון אָט דעם באריכט וועלן די ייִדישע ארבעטער, סײַ די, וואָס זײַנען אין אונדזער פּארטיי, און סײַ די, וואָס זײַנען צײַטווײַליק פון איר אָפּגעטיילט, זען ווי עס גייט די אנטוויקלונג פון אונדזער פּארטיי. פון אָט דעם באריכט וועלן די ייִדישע ארבעטער זען, אז אונדזער פּארטיי קומט איבער אויך יענעם אינערלעכן קריזיס, פון וואָסערן זי האָט געליטן נאָכן 2-טן צוזאמענפאָר. זיי וועלן זען, וואָסערע זײַנען אינדערעמעסן די שטרעבונגען פון אונדזער פּארטיי בענעגייע אנדערע נאציאָנאלע סאָציאַל-דעמאָקראטישע פּארטייען און אָרגאניזאציעס און אויך די באציִונגען פון דער גאנצער פּארטיי און איר צענטער צו די באזונדערע טיילן, פון וועלכע זי באשטייט. זיי וועלן, ענדלעך, דערזען — און דאָס איז די הויפּטזאך — וואָס פאר א טאקטישע דירעקטיון בענעגייע דער פּאָליטיק פון דעם גאנצן באוווּסטזיניקן פּראָלעטאריאַט אין דעם געגעבענעם רעוואָליוציאָנערן מאָמענט עס האָט אויסגעארבעט דער 3-טער צוזאמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ.

כאווײרים! עס דערנעענטערט זיך די צײַט פון פּאָליטישן קאמף מיט דער צארישער זעלבסטהערשונג, דער קאמף פון דעם פּראָלעטאריאַט פאר דער פרײַהײַט פון אלע קלאסן און אלע פעלקער אין רוסלאנד, פאר דער פרײַהײַט פון דעם פּראָלעטארישן שטרעבן צום סאָציאַליזם. עס שטייען אונדז פאָר מוירעדיקע ניסיוינעס. פון אונדזער באוווּסטזײַן און צוגעגרייטקײַט, פון אונדזער אייניקײַט און אנטשלאָסנקײַט איז אָפּהענגיק דער אויסגאנג פון דער רעוואָליוציע אין רוסלאנד. טאָ לאָמיר זיך נעמען דרייסטער און אייניקער צו דער ארבעט, לאָמיר טאָן אלץ, וואָס איז פאר אונדז מעגלעך, אז די פּראָלעטאריער פון די פארשיידענע נאציאָנאליטעטן זאָלן באגעגענען די פרײַהײַט אונטער דער אָנפירונג פון אווירקלעך-אײנהײַטלעכער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראטישער ארבעטער-פּארטיי!

רעדאקציע פון דעם צענטראלן אָרגאן פון דער
רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראטישער ארבעטער-פּארטיי.

געשריבן זומער 1905 יאָר.

באנד 8, זז. 24—26.

# קיין שום פאלשקייט!
# אונדזער קראפט איז אין זאָגן דעם עמעס!

### א בריוו אין רעדאקציע

„מיר זיינען ניט בעקויעך ארויסצורופן אן אופשטאנד... דעריבער איז ניטאָ וואָס צו פארבינדן אים מיט דער דומע... דער לאָזונג פון אגיטאציע איז א גרינדונג-פארזאמלונג". אָט אזוי האָט געשריבן דער „בונד", און אים האָט גיט גענוגנדיק געענטפערט דער אווטער פון דעם ארטיקל אין נומ. 16.

די דאָזיקע ווערטער פון „בונד" זיינען אן ארויסגעצייכנטע אָפשפיגלונג פון קליינבירגערלעכקייט אין דער סאָציאל-דעמאָקראטיע, קליינבירגערלעכקייט אין זינען פון געמיינקייט, פון גילדענעם מיטל-וועג, פארבלאָזיקייט, שאבלאָן, מיטלמעסיקייט (אָט דאָס איז שטענדיק געווען דער „בונד", וואָס האָט געשפילט א ראָליע פון אן אידיישן פאראזיט, ווי עס איז באוווסט, אי אין די יאָרן 1897—1900, אי אין 3—1901, אי אין 1904, און אויך איצט אין 1905 יאָר).

דאָס איז דער פארשפרייטער קוק, דער געוויינלעכער שטאנדפונקט, דער „געזונטער פארשטאנד" (דער „טריומף פון געזונטן פארשטאנד" אין דער אָסוואָבאָזשדעניע און „אופליכטונג").

דאָס איז די גרעסטע פאלשקייט, אופדעקן זי האָט די וויכטיקסטע באַדייטונג פאר דער רוסישער רעוואָלוציע — און פאר דעם באוווסטזיניקן פראָלעטאריאט, ווי דער איינציק מעגלעכער אווטער פון א זיגרייכער רעוואָלוציע.

מיר זיינען ניט בעקויעך ארויסצורופן אן אופשטאנד, דעריבער דארף מען ניט פארבינדן, דעריבער איז דער לאָזונג גיט באוואָפנטער אופשטאנד, נאָר גרינדונג-פארזאמלונג.

דאָס איז אלציינס, ווי צו זאָגן: מיר זיינען הויל און עלנט, הונגעריק און פארפייניקט, האָבן קיין קויעך ניט ארופצוהייבן זיך פון אונדזער זומפּ, ווי מיר קומען אום, אף דעם בארג, וווּ עס איז ליכט און זון, לופט און אלע פרוכטן פון דער ערד. מיר האָבן קיין לייטער ניט, וואָס אָן אים איז אופהייבן זיך אומעגלעך, מיר זיינען ניט בעקויעך צו קריגן א לייטער. דעריבער דארף מען ניט פארבינדן דעם קאמף פאר אופהייבן זיך מיט דעם לאָזונג פון דערווערבן (respective — שאפן) א לייטער. דעריבער דארף אונדזער לאָזונג זיין: אפן בארג, אפן בארג, אף דעם בארג איז גליק און אויסלייזונג, לופט און ליכט, אופמונטערונג און קרעפטיקונג.

אזוי ווי עס איז ניטאָ קיין לייטער, אָן וועלכן מע קאָן זיך ניט אופהייבן, — דעריבער דארף מען ניט נעמען פאר א לאָזונג דערוווערבן א לייטער און ארבעטן אף צו מאכן אים, — דעריבער דארף דער לאָזונג זײַן: נעמט און ווערט אפן שפיץ בארג, אפן בארג איז גליק און אז. וו.!

„שוואכקײַט האָט אלעמאָל געזוכט א רעטונג אינעם גלויבן אין ניסים", האָט געזאָגט מארקס.

צי די שוואכקײַט פון פראָלעטאריאַט — אָדער די שוואכע קעפ פון „בונד" און דער נײַער „איסקרא" זוכן עס איצט א רעטונג אינעם גלויבן אין ניסים? — אינעם גלויבן, מע זאָל אָן א לייטער קומען אפן בארג? — אינעם גלויבן אין א גרינדונג-פארזאמלונג אָן אן אופשטאנד?

דער דאָזיקער גלויבן — דאָס איז א גלויבן פון מעשוגאָים. אָן א באוואָפנטן אופשטאנד איז די גרינדונג-פארזאמלונג א פאנטאָם, א פראזע, א ליגן, א פראנקפורטער פלוידער־שטיבל.

די אָפּנארערײַ און די פאלשקײַט פון „אָסוואָבאָזשדענסטווע", פון אָט דער ערשטער בורזשואזער-פאָליטישער, מאסן-פּאָליטישער, פאָלק-פאָרמע פון בורזשואזן לאָזונג אין רוסלאנד, באשטייט טאקע אין דעם, קעדיי אונטערצוהאלטן אָט דעם דאָזיקן גלויבן אין ניסים, אָט דעם ליגן. ווארעם דער ליבעראלער בורזשואזיע איז נייטיק איר ליגן, פאר איר איז עס ניט קיין ליגן, נאָר דער גרעסטער עמעס, דער עמעס פון אירע קלאסן-אינטערעסן, דער עמעס פון בורזשואזער פרײַהײַט, די ווארהײַט פון קאפּיטאליסטישער גלײַכהײַט, דער קאָדשייקאָדשים פון הענדלערישער ברידערלעכקײַט.

דאָס איז — איר (דער בורזשואזיעס) עמעס, ווארעם ניט דעם זיג פון פאָלק דארף זי האָבן, ניט דעם בארג, נאָר א זומפּ פאר דער מאסע, און אז די געלט-טײַז און געלט־זעק זאָלן זיצן אף די פּלייצעס פון דעם האמוין, ניט קיין זיג, נאָר א געשעפטל, א פּשאָרע מיטן פײַנט, = פארעטעריש איבערגעבן זיך דעם פײַנט.

פאר דער בורזשואזיע איז עס ניט קיין „נעס", נאָר א רעאלקײַט, די רעאלקײַט פון פאראטן די רעוואָליוציע, און ניט קיין זיג פון דער רעוואָליוציע.

... מיר זײַנען ניט בעקויעך צו קריגן א לייטער... מיר זײַנען ניט בעקויעך ארויסצורופן אן אופשטאנד... אזוי, מײַנע הערן?

אויב אזוי, דאן מאכט איבער אײַער גאנצע פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע, דאן הייבט אָן צו ריידן צו די ארבעטער און דעם גאנצן פאָלק נײַע, איבערגעארבעטע רייד, פונדאָסנײַ אופגעבויטע, אנדערע רייד.

דאן זאָגט צום פאָלק: ארבעטער פון פּיטער, ריגע, ווארשע, אדעס, טיפליס... מיר זײַנען ניט בעקויעך אופצוהייבן אן אופשטאנד און זיגן אין דעם אופשטאנד. דעריבער האָבן מיר אויך ניט וואָס צו טראכטן, און ניטאָ אויך וואָס צו פּלאפּלען אומזיסט וועגן אן אלפאָלקישער גרינדונג-פארזאמלונג. באשמוצט ניט קיין גרויסע ווערטער מיט קליינלעכע דריידלעך, פארהדעקט ניט אײַער שוואכקײַט מיט גלויבן אין ניסים. שרײַט פאר אלעמען און פאר יעדערן וועגן אָט דער שוואכקײַט, — מוידע זײַן זיך הייסט שוין אף א העלפט פאריכטן. ליגנערישע פראזע, ליגנערישע בארימערײַ איז מאָרא־לישער אומקום, א זיכערע גאראנטיע פאר א פּאָליטישן אומקום.

ארבעטער! מיר זײַנען שוואך ארויסצורופן אן אופשטאנד און אָפּהאלטן אין אים א זיג! דעריבער ווארפט אוועק די רייד וועגן אן אלפאָלקישער גרינדונג-פארזאמלונג, טרײַבט פון זיך די ליגנער, וואָס ריידן וועגן דעם, דעקט אוף דעם פאראט פון די אָסוואָבאָזשדענצעס, „דומצעס", קאדעטן און פון דער איבעריקער פאסקודסטווע, וואָרעם נאָר מיטן מויל ווילן זיי אן אלפאָלקישע גרינדונג-פארזאמלונג, און אינדערעמעסן אן אנטיפאָלקישע, ניט וואָס גרינדעט עפּעס נײַעס, נאָר לאטעט דאָס אלטע, ניט וואָס גיט אײַך א נײַעם בעגעד, א נײַ לעבן, א נײַ געווער פאר א נײַעם גרויסן קאמף, נאָר ניט מער ווי פליטערלעך אף אײַער אלטער טראנטע, ניט מער ווי א מיראזש און אָפּנארערײַ, א שפּילצײַג אָנשטאָט געווער, קייטן אָנשטאָט א ביקס.

ארבעטער! מיר זײַנען שוואך פאר אן אופשטאנד. רעדט זשע ניט דעריבער און דערלויבט ניט די פּראָסטיטוטקעס פון דער אָסוואָבאָזשדענסטוואָ, די קאדעטן און דומצעס צו ריידן וועגן רעוואָלוציע. דערלויבט ניט אָט די בורזשואזע אויסוואורפן צו באשמוצן דעם גרויסן פאָלק-באגריף מיט זייער ווערטער-זנוס.

מיר זײַנען שוואך? הייסט עס, עס איז ניטאָ בא אונדז און עס קען ניט זײַן קיין רעוואָליוציע. דאָס איז ניט קיין רעוואָליוציע פון פאָלק, נאָר אן אָפּשווינדלען דאָס פאָלק מיצאד די פּעטרונקעוויטשעס און דער כאָפּטע ליבעראלע לאקייען פון צאר. דאָס איז ניט קיין קאמף פאר פרײַהײַט, דאָס איז פארקויפן די פאָלק-פרײַהײַט פאר שטולן פון די אָסוואָבאָזשדענצעס. דאָס איז ניט אן אָנהייב פון א נײַ לעבן, נאָר א פארפּעסטיקן די אלטע מאטערניש, קאטאָרגע, דאָס אלטע גליוווערן און פוילן.

מיר זײַנען ניט בעקויעך ארויסרופן אן אופשטאנד, כאווײרים ארבעטער! מיר זײַנען ניט בעקויעך צו אופהייבן דאָס פאָלק ביז א רעוואָליוציע! מיר זײַנען ניט בעקויעך צו דערשלאָגן זיך צו פרײַהײַט... מיר זײַנען נאָר בעקויעך א טרייסל טאָן דעם סוינע, אָבער ניט אראָפּווארפן אים, א טרייסל טאָן אזוי, אז לעבן אים זאָל זיך זעצן פּעטרונקעוויטש.

איז אוועק מיט די אלע ריידערײַען וועגן רעוואָליוציע, וועגן פרײַהײַט וועגן פאָלק-פאָרשטייערשאפט, — ווער עס רעדט אָט די זאכן, ניט ארבעטנדיק אינדערעמעסן איבערן לייטער, קעדיי צו דערגרייכן זיי, איבערן אופשטאנד, קעדיי צו דערווערבן זיי, יענער איז א ליגנער און א גאָרנישט, יענער נארט אײַך אָפּ.

מיר זײַנען שוואך, כאווײרים ארבעטער! פאר אונדז איז נאָר דער פּראָלעטאריאט אליין, און מיליאָנען פּויערים, וואָס האָבן אָנגעהויבן א צעשפּליטערטן, פינצטערן, אומבאוואָפנטן בלינדן קאמף.

קעגן אונדז איז די גאנצע הויפישע באנדע און אלע ארבעטער און פּויערים, וואָס זײַנען אָנגעטאָן אין א סאָלדאטישן מונדיר און *

א סאָף. מיר זײַנען שוואך. שוואכקײַט ראטעוועט זיך מיט גלויבן אין ניסים. דאָס איז א פאקט — פון די ווערטער פון „בונד", פון פלאן פון „איסקרא".

* אין מאנוסקריפּט איז די פראזע ניט געענדיקט.

אָבער וואָס איז א פאקט, מײַנע הערן? די שוואכע קויכעס פונעם פּראָלע־טאריאַט פון גאנצן רוסלאנד אָדער די שוואכע קעפּ פון די בונדאָווצעס און צײַ־איסקראָווצעס??

זאָגט דעם עמעס:

1) ניטאָ קיין רעוואָליוציע. פאראן א געשעפטל צווישן דער ליבעראלער בורזשואזיע מיטן צאר...

2) ניטאָ קיין קאמף פאר פרײַהײַט. פאראן א האנדל מיט דער פאָלק־פרײַהײַט.

3) ניטאָ קיין קאמף פאר פאָלק־פארטרעטערשאפט. פאראן א פארטרעטער־שאפט פונעם געלט־זאק.

מיר זײַנען שוואך... פון דעם דרינגט אומפארמײַדלעך ארויס דאָס גאנצע פאראטן די רעוואָליוציע.

אויב איר ווילט רעוואָליוציע, פרײַהײַט, פאָלק־פארטרעטערשאפט... דארפט איר זײַן שטארק.

פון סאָף

איר זײַט שוואך?

א רעוואָליוציע איז דער גורל פון די שטארקע.

פאר אונדז איז צו פארבלײַבן אין די טראנטעס.

איר זײַט שוואך?

פרײַהײַט גיט זיך נאָר שטארקע.

די שוואכע וועלן שטענדיק זײַן קנעכט.

דערפארונג פון דער גאנצער גע־שיכטע.

איר זײַט שוואך?

אײַער פארטרעטערשאפט וועט גיין דורך אײַערע שקלאפן־באזיצער, עקס־פּלואטאטארן.

„פארטרעטערשאפט“ איז אָדער א דעראָבערונג פון שטארקן, אָדער א פוסט פאפירל, אן אָפּנארערײַ, א טיכל אף די אויגן פון דעם שוואכן, קעדיי אים צו פאר־טעמפּן...

ω) ווער איז שוואך? די קויכעס פון פּראָלעטאריאַט, צי די קעפּ פון די איסקראָווצעס, בונדיסטן?

α) איר ווילט א רעוואָליוציע? דארפט איר זײַן שטארק!

מיר דארפן זאָגן דעם עמעס: אין דעם איז אונדזער קויעך, און די מאסע דאָס פאָלק, דער האמוין וועט אנט־שיידן אין טאט, נאָכן קאמף, צי איז דאָ קראפט.

איז זי דאָ?

אָדער מיר זײַנען שוואך.

ω) ווער איז שוואך.

געשריבן אין אָקטיאבער 1905 י.
דעם ערשטן מאָל געדרוקט אין 1926 י. אין „לענינסקי סבאָרניק“ V.

באנד 8, זז. 241—244.

# סעפּאַראַטיסטן אין רוסלאַנד און סעפּאַראַטיסטן אין עסטרײַך

צווישן די פֿאַרשיידענע פֿאָרשטייער פֿונעם מאַרקסיזם אין רוסלאַנד פֿירן די ייִדישע, אָדער ריכטיקער א טייל פֿון זיי, די אַזוי גערופֿענע בונדאָווצעס, א פּאָליטיק פֿון סעפּאַראַטיזם, ד. ה. פֿון אָפּטיילן זיך אָדער אָפּזונדערן זיך (פֿונעם גאַנצן). פֿון דער געשיכטע פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג איז באַוווסט, אַז אין 1903־טן יאָר זײַנען די בונדאָווצעס אַרויס פֿון דער פּאַרטיי, ווען די מערהײַט פֿון דער פּאַרטיי פֿון אַרבעטער-קלאַס האָט אָפּגעוואָרפֿן זייער פֿאָדערונג צו אָנערקענען זיי פֿאַר די „איינציקע” פֿאָרשטייער פֿונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

דאָס דאָזיקע אַרויסגיין פֿון דער פּאַרטיי איז געווען אן אַרויסווײַזונג פֿון סעפּאַראַטיזם א טיף שעדלעכע אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. אין דער ווירקלעכקײַט זײַנען די ייִדישע אַרבעטער אַרײַן און גייען אַרײַן אין דער פּאַרטיי אומעטום פֿאַרבײַ דעם „בונד”. צוגלײַך מיט די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס (אָפּגעזונדערטע, סעפּאַראַטע) פֿון די בונדאָווצעס האָבן שטענדיק עקסיסטירט אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציעס פֿון אַרבעטער—אי ייִדישע, אי רוסישע, פּוילישע, ליטווישע און לעטישע און אַז. וו.

פֿון דער געשיכטע פֿון מאַרקסיזם אין רוסלאַנד איז ווײַטער באַוווסט, אַז ווען דער „בונד” האָט זיך אין 1906-טן יאָר ווידער אומגעקערט אין דער פּאַרטיי, האָט די פּאַרטיי געשטעלט פֿאַר א באַדינג דאָס איבעררײַסן דעם סעפּאַראַטיזם, ד. ה. פֿאַרייניקן אַף די ערטער די אַרבעטער מאַרקסיסטן פֿון אַלע און אַלערליי נאַציאָנאַליטעטן. דעם דאָזיקן באַדינג האָבן די בונדאָווצעס ניט אויסגעפֿילט, ניט קוקנדיק, וואָס ער איז ספּעציעל באַשטעטיקט געוואָרן דורך א באַזונדערן באַשלוס פֿון דער פּאַרטיי אין דעקאַבער 1908־טן יאָר.

אָט אַזאַ איז די קורצע געשיכטע פֿונעם בונדישן סעפּאַראַטיזם אין רוסלאַנד. צום באַדויערן ווייסן די אַרבעטער ווייניק די דאָזיקע געשיכטע און פֿאַרטראַכטן זיך ווייניק איבער איר. פּראַקטיש נאָענט באַקאַנט מיט דער דאָזיקער געשיכטע זײַנען די פּוילישע מאַרקסיסטן, די ליטווישע (באַזונדערס אין ווילנע אין 1907-טן יאָר), די לעטישע (אין דער זעלביקער צײַט אין ריגע), די דאָרעם-רוסישע און מיזרעך-רוסישע. עס איז, אַגעוו, באַוווסט, אַז די קאַווקאַזער מאַרקסיסטן, צווישן זיי אויך אַלע קאַווקאַזער מענשעוויקעס, האָבן ביז גאָר דער לעצטער צײַט דורכגעפֿירט באַ זיך אַף די ערטער די איינהײַט און אַפֿילו צוזאַמענגיסונג פֿון

די ארבעטער פון אלע נאציאָנאליטעטן, באציִענדיק זיך מיט פארורטיילונג צום סעפּאראַטיזם פון די בונדאָווצעס.

לאָמיר אויך פארצייכענען, אז דער אָנגעזעענער בונדאָוועץ מעדעם האָט אינעם באוווסטן בוך „די פאָרמעס פון דער נאציאָנאלער באוועגונג“ (פּעטערבורג, 1910) אָנערקענט, אז די בונדאָווצעס האָבן קיינמאָל ניט פארווירקלעכט קיין איינהײַט אף די ערטער, ד. ה. זײַנען שטענדיק געווען סעפּאראַטיסטן.

אין דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג האָט זיך די פראגע וועגן סעפּאראַטיזם באזונדערס שארף געשטעלט אין 1910-טן יאָר אפן קאָנגרעס אין קאָפּענהאגען. אלס סעפּאראַטיסטן זײַנען ארויסגעטראָטן די טשעכן אין עסטרײַך, צעשטערנדיק די פריִערדיקע איינהײַט פון די טשעכישע און דײַטשישע ארבעטער. דער אינטערנאציאָנאלער קאָנגרעס אין קאָפּענהאגען האָט איינשטימיק פארורטיילט דעם סעפּאראַטיזם, אָבער די טשעכן זײַנען, צום באדויערן, נאָך ביז איצט פארבליבן סעפּאראַטיסטן.

פילנדיק זיך איינזאם אינעם פּראָלעטארישן אינטערנאציאָנאל, האָבן די טשעכישע סעפּאראַטיסטן א לאנגע צײַט און אָן דערפאָלג געזוכט מיינונג-כאַוויירים. ערשט איצט האָבן זיי זיי געפונען—אין דער פּערזאָן פון די בונדאָווצעס און ליקווידאטערן. דאָס דײַטשישע זשורנאלכל, וואָס ווערט ארויסגעגעבן דורך די סעפּאראַטיסטן, „טשעכאָסלאַווישער סאָציאַל־דעמאָקראַט“ האָט אין נומ. 3 (פּראָג, 15 אפּרעל 1913-טן יאָר) אָפּגעדרוקט אן ארטיקל אונטערן קעפּל „א קער צו בעסערס“. דעם דאָזיקן „קער“ קלוימערשט צו „בעסערס“ (און פאקטיש — צו סעפּאראַטיזם) האָבן די טשעכישע סעפּאראַטיסטן אײַנגעזען... ווּ מיינט איר, לייענער?... אין „נאַשאַ זאַריאַ“ פון די ליקווידאטערן, אין דעם ארטיקל פונעם בונדאָוועץ וו. קאָסאָווסקי!

ענדלעך זײַנען די טשעכישע סעפּאראַטיסטן ניט איינזאם אינעם פּראָלעטארישן אינטערנאציאָנאל! עס פארשטייט זיך, אז זיי זײַנען צופרידן אָנצוכאפּן זיך אפילע פאר די ליקווידאטערן, אפילע פאר די בונדאָווצעס. אָבער אלע באוווסטזיניקע ארבעטער פון רוסלאַנד דארפן אופמערקזאם א טראכט טאָן איבערן דאָזיקן פאקט: איינשטימיק פארורטיילט דורכן אינטערנאציאָנאל, כאפּן זיך די טשעכישע סעפּאראַטיסטן אָן פאר די פּאָלעס פון די ליקווידאטערן און פון די בונדאָווצעס.

די אינטערעסן און אופגאבעס פון דער ארבעטער־באוועגונג אנטשפּרעכט נאָר די פולשטענדיקע איינהײַט (אף די ערטער, פון אונטן און ביז אויבן) פון די ארבעטער פון אלע נאציעס, וואָס איז אזוי לאנג און אזוי דערפאָלגרײַך פארווירקלעכט געוואָרן אף קאווקאז.

„פּראַוודא“, נומ. 104 (308), 21 (8) מײַ 1913.

באנד 16, זז. 385—386.

# צי האָט די „פּראַווּדאַ“ דערוויזן דעם סעפּאַראַטיזם פון די בונדאָווצעס?

אין נומ. 104 (308) פון „פּראַווּדאַ“ איז געווען אָפּגעדרוקט אן אַרטיקל: „די סעפּאַראַטיסטן אין רוסלאַנד און די סעפּאַראַטיסטן אין עסטרייך“. איצט טרעט אַרויס הער וול. קאָסאָווסקי אין נומ. 119 (205) פון „לוטש“ מיט אן אָפּלייקענונג, ריכטיקער, מיט א בינטל זידלערייען קעגן דער „פּראַווּדאַ“ צוליב דעם דאָזיקן אַרטיקל. די אַרבעטער, וועמען עס אינטערעסירט דער גורל פון זייער אָרגאַניזאַציע, קענען מיר בלויז אָנווייזן אף אָט די זידלעריש געגנג פון די הערן לוטשיסטן, וואָס מיידן אויס די שטרייט־פראַגעס.

מיט וואָס האָט „פּראַווּדאַ“ דערוויזן דעם סעפּאַראַטיזם פון די בונדאָווצעס?

1) מיט דעם, וואָס זיי זיינען אַרויס פון דער פּאַרטיי אין 1903-טן י. די זידלערישע אויסדרוקן פונעם ה' קאָסאָווסקי האָבן אף א האָר ניט אָפּגעלייקנט דעם דאָזיקן פאַקט. דעריבער טאַקע זידלען זיך די הערן קאָסאָווסקיס, ווייל זיי זיינען ניט בעקויעך אָפּצולייקענען פאַקטן.

2) מיט דעם, וואָס די יידישע אַרבעטער זיינען אַריינגעגאַנגען און גייען אַריין אין דער פּאַרטיי אומעטום פאַרביי דעם „בונד“.

אויך קעגן דעם קאָן קיין פּיפּס ניט טאָן דער שלעכטער פּאַרטיידיקער פונעם „בונד“!

3) מיט דעם, וואָס דעם באַשלוס פון דער פּאַרטיי וועגן איינהייט אף די אָרטער פון די אַרבעטער פון אַלע נאַציעס, דעם באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1906-טן יאָר און איז ספּעציעל באַשטעטיקט געוואָרן אין 1908־טן י., האָט דער „בונד“ אָפּן געבראָכן.

קיין וואָרט האָט דער ה' קאָסאָווסקי ניט געקאָנט זאָגן קעגן דעם!

4) מיט דער אָנערקענונג פונעם בונדיסט מעדעם, אז די בונדאָווצעס האָבן קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט די איינהייט אף די אָרטער, ד. ה., אז זיי זיינען שטענדיק געווען סעפּאַראַטיסטן.

קיין איין איינציקע דערווידערונג איז ניטו פאַראַן באַם ה' קאָסאָווסקי!

גיט נאָר א טראַכט, לייענער, איז ווי אזוי זאָל זיך ניט זידלען און ניט קריכן פון דער הויט א הער, וועלכער קאָן אַבסאָליוט גאָרנישט ניט זאָגן קעגן די פיר הויפּט-האַנאָכעס פון „פּראַווּדאַ“?

ווייטער האָט „פּראַווּדאַ“ געבראַכט א פּינקטלעכע ציטאַטע פונעם אָרגאַן פון די טשעכישע סעפּאַראַטיסטן אין עסטרייך, וואָס זיינען איינשטימיק פאַרור-

טיילט געוואָרן פאר סעפּאראטיזם דורכן גאנצן אינטערנאַציאָנאל. אינעם דאָזיקן אָרגאַן לויבט מען דעם ה' קאָסאָווסקי (זײַן ארטיקל אין דער ליקווידאטארישער „נאשא זאריא") פאר זײַן „קער צו בעסערס" בענעגייע די סעפּאראטיסטן.

איז וואָס זשע, ה' קאָסאָווסקי? איז ניט ריכטיק אונדזער ציטאטע? ה' קאָסאָווסקי ווייס, אז ריכטיק, און בייזערט זיך אין אָנמאכט: „עפּעס אן אָפּרוף אין ערגעץ א טשעכישן בלעטל".

לײַגט ניט, ה' סעפּאראטיסט און יידישער ליבעראל! עס וועט אײַך קיין ליגן ניט העלפן, וואָרעם מע וועט אײַך דעמאסקירן.

ניט „עפּעס אן אָפּרוף" און ניט אין „ערגעץ א טשעכישן בלעטל", נאָר א ספּעציעלער ארטיקל אינעם דײַטשישן אָרגאַן פון די טשעכישע סעפּאראטיסטן. דאָס איז א פאקט, און איר האָט אים ניט אָפּגעלייקנט.

איך פארטיידיק ניט די סעפּאראטיסטן — פארענטפערט זיך ה' קאָסאָווסקי, איבערגעבנדיק דעם אינהאלט פון זײַן ארטיקל אין „נאשא זאריא".

אזוי גאָר? הייסט עס, אז די טשעכישע סעפּאראטיסטן האָבן אײַך ניט ריכטיק פארשטאנען?? א ראכמאָנעס אף די ליבעראלע פירער פונעם „בונד"! ניט נאָר די קעגנער, נאָר אפילע די פרײַנט האָבן זיי ניט „פארשטאנען"!

אָבער יעדער ארבעטער וועט אויסגעצייכנט פארשטיין, אז א נישטיקער ליגנער, ווען מע כאפּט אים בא דער האנט, זוכט זיך צו ראטעווען מיט דריידלעך און זידלערײַען. איר וועט דערמיט די ארבעטער ניט אָפּשרעקן, מײַנע הערן.

די „פּראווּדא" האָט דערוויזן, אז די בונדאָווצעס זײַנען סעפּאראטיסטן. הער וול. קאָסאָווסקי האָט דאָס ניט געקאָנט אָפּלייקענען.

די הערן וו. קאָסאָווסקי, מעדעם און קאָמפּ. זײַנען א גרופּע ליבעראלע אינטעליגענטן, וואָס דעמאָראליזירן די יידישע ארבעטער דורך בורזשואזן נאַציאָנאליזם און סעפּאראטיזם. דערפאר האָט „פּראווּדא" געקעמפט און וועט קעמפן מיט די בונדאָווצעס.

אין דער ארבעטער־פּארטיי גייען די יידישע סאָציאל-דעמאָקראטישע ארבעטער פארבײַ דעם „בונד" און קעגן דעם „בונד".

„פּראווּדא", נומ. 127 (331), 18 (5) יוני 1913.

ב. 16, זז. 443—444.

# וועגן „קולטור־נאַציאָנאַלער״ אווטאָנאָמיע

דער טאָך פון דעם פּלאַן אָדער פון דער פּראָגראַם פון דער אַזוי גערופענער „קולטור־נאַציאָנאַלער״ אווטאָנאָמיע (אַנדערש: „דאָס שאַפן אינסטיטוציעס, וואָס גאַראַנטירן די פרייהייט פון נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג״) באַשטייט אין צעטיילן דעם שול־וועזן לויט נאַציאָנאַליטעטן.

אַף דעם דאָזיקן טאָך דאַרף מען אַלץ מער באַשטיין, וואָס אָפטער קאָלערליי אָפענע און פאַרבאַהאַלטענע נאַציאָנאַליסטן (צווישן זיי די בונדאָווצעס) פּרוּוון אים פאַרטונקלען.

יעדע נאַציע, אומאָפּהענגיק פון דעם, ווו עס וווינט יעדע פּערזאָן, וואָס געהערט צו איר (אומאָפּהענגיק פון דער טערי־טאָריע: פון דאַנעט איז דער נאָמען „עקסטערימאָריעלע״, אויסער־לאַנדישע אווטאָנאָמיע), בילדעט אַן איינהייטלעכן מעלוכיש־אָנערקענטן פאַרבאַנד, וואָס פאַרוואַלטעט מיט די נאַציאָנאַל־קולטורעלע ענינים. דער וויכטיקסטער פון די דאָזיקע עניינים איז דער שול־וועזן. דאָס באַשטימען דעם באַשטאַנד פון די נאַציעס דורך פרייען פאַרשרייבן זיך פון יעדן בירגער, אומאָפּהענגיק פון זיין וווינאָרט, אין א וואָסער ניט איז נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד זיכערט די אַבסאָליוטע פּינקטלעכקייט און אַבסאָליוטע קאָנסעקווענטקייט פון דעם צעטיילן דעם שול־וועזן לויט נאַציאָנאַליטעטן.

פרעגט זיך, צי איז דערלאָזבאַר אַזאַ צעטיילונג פונעם שטאַנדפּונקט פון דעמאָקראַטיע בכלל און באַזונדערס פונעם שטאַנדפּונקט פון די אינטערעסן פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף?

עס איז גענוג פאַרצושטעלן זיך קלאָר דעם טאָך פון דער פּראָגראַם פון „קולטור־נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע״, קעדיי צו ענטפערן אַף דער דאָזיקער פראַגע אָן וואַקלונגען—אומבאַדינגט ניט דערלאָזבאַר.

קאָלזמאַן פאַרשיידענע נאַציעס לעבן אין איין מעלוכע, פאַרבינדט זיי מיליאָנען און מיליאַרדן פעדים פון עקאָנאָמישן, רעכטלעכן און שטייגערישן כאַראַקטער. איז ווי אַזוי קאָן מען אַרויסרייסן דעם שול־וועזן פון די דאָזיקע פאַרבינדונגען? צי קאָן מען אויך אים „אַרויסנעמען פונעם רעשוס״ פון דער מעלוכע, ווי עס ווערט געזאָגט אין דער בונדישער פאָרמולירונג, וואָס איז קלאַסיש, לויטן בוילעטן אונטערשטרייכן די אומזיניקייט? אויב די עקאָנאָמיק באַהעפט די נאַציעס, וואָס לעבן אין איין מעלוכע, איז דער פּרווו צו צעטיילן זיי איינמאָל פאַר אַלעמאָל צוליב דעם געביט פון „קולטורעלע״ און באַזונדערס שול־פראַגעס אומזיניק און רעאַקציאָנער. פאַרקערט, מע דאַרף זיך דערשלאָגן די פאַראייניקונג פון די נאַציעס אין דעם שול־וועזן, קעדיי עס זאָל אין

דער שול צוגעגרייט ווערן דאָס, וואָס ווערט אינעם לעבן פארווירקלעכט. אין דער געגעבענער צײַט זעען מיר די ניטגלײַכבארעכטיקונג פון נאציעס און ניטגלײַכקײַט פון זייער אנטוויקלונג-שטופע; בא אזעלכע באדינגונגען וועט די צעטיילונג פון דעם שול-וועזן לויט נאציאָנאליטעטן *פאקטיש* זײַן אומפארמײַדלעך א *פארערגערונג* פאר די מער אָפגעשטאנענע נאציעס. אין אמעריקע אין די דאָרעמדיקע, געוועזענע שקלאפן-באזיצערישע, שטאטן טיילט מען אדײַעם אויס די נעגערשע קינדער אין באזונדערע שולן, אין דער צײַט, ווען אפן צאָפן לערנען זיך די ווײַסע און די נעגערס אינײינעם. אין רוסלאנד איז ניט לאנג אופגעקומען א פראָיעקט צו „נאציאָנאליזירן די יידישע שול״, — ד. ה. אָפטיילן די יידישע קינדער פון די קינדער פון אנדערע נאציאָנאליטעטן אין באזונדערע שולן. עס איז איבעריק צו זאָגן, אז אופגעקומען איז דער דאָזיקער פראָיעקט אין די רעאקציאָנערסטע, פורישקעוויטשישע, קרײַזן.

מע קאָן ניט זײַן קיין דעמאָקראט, אויב מע פארטיידיקט דעם פרינציפ פון צעטיילן דעם שול-וועזן לויט נאציאָנאליטעטן. באמערקט: דערווײַל באהאנדלען מיר עס פון אלגעמיין-דעמאָקראטישן, ד. ה. פון בורזשואז-דעמאָקראטישן שטאנדפונקט.

ניט אין אן ערעך אנטשיידנדיקער קומט אויס ארויסצוטרעטן קעגן דער צעטיילונג פון דעם שול-וועזן לויט נאציאָנאליטעטן פונעם שטאנדפונקט פון פראָלעטארישן קלאסנקאמף. ווער ווייס דאָס ניט, אז די קאפיטאליסטן פון אלע נאציעס פון א געגעבענער מעלוכע גיסן זיך צוזאמען אפן סאמע ענגסטן, אומצערײַסבארן אויפן אין אקציאָנערע אונטערנעמונגען, אין קארטעלן און טרעסטן, אין פארבאנדן פון אינדוסטריעלער, א. ד. גל. *קעגן* די ארבעטער פון וואָסער נאציאָנאליטעט עס זאָל ניט זײַן? ווער ווייס דאָס ניט, אז אין א *יעדער* קאפיטאליסטישער אונטערנעמונג — אָנגעהויבן פון די קאָלאָסאלע זאוואָדן, שאכטעס און פאבריקן, פאָרגעזעצט מיט האנדל-פירמעס און געענדיקט מיט קאפיטאליסטישע ערדבאזיצערישע ווירטשאפטן — זעען מיר *שטענדיק*, אָן יעדן אויסנאם, א גרעסערע נאציאָנאלע פילפארביקײַט פון ארבעטער, איידער אינעם פארוואָרפענעם, פרידלעכן, פארשלאָפענעם דאָרף?

דעם שטאָטישן ארבעטער, וואָס איז אמבעסטן באקאָנט מיטן אנטוויקלטן קאפיטאליזם און האָט אמטיפסטן אופגענומען — פון זײַן גאנצן לעבן, עפשער אפילע מיט דער מילך פון זײַן מוטער אײַנגעזאפט די פסיכאָלאָגיע פון קלאסנקאמף, — אזא ארבעטער קומט ניט ווילנדיק און אומפארמײַדלעך אפן זינען, אז די צעטיילונג פון דעם שול-וועזן לויט נאציאָנאליטעטן איז ניט נאָר א *שעדלעכער* אופטו, נאָר טאקע פראָסט א שווינדלערישער, שארלאטאנישער *מיצאד די קאפיטאליסטן*. די ארבעטער *קאָן מען* צעברעקלען, צעטיילן, אָפשוואכן דורכן פריידיקן אזא מין אידייע, און נאָכמער מיטן צעטיילן די פאָלק-שולן לויט נאציעס, בייס די קאפיטאליסטן, וואָס זייערע קינדער זײַנען אויסגעצייכנט באזאָרגט מיט רײַכע פריוואט-שולן און מיט ספעציעל געדונגענע לערער, קאָן קיין שום „קולטור-נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע״ ניט דראָען *פאר קיין פאל ניט* מיט קיין שום צעברעקלונג, מיט קיין שום אָפשוואכונג.

אינדערעמעסן איז די „קולטור-נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע״, ד. ה. די אבסאָליוט ריינע און קאָנסעקווענטע צעטיילונג פון דעם שול-וועזן לויט נאציאָנא-

ליטעטן, אויסגעטראכט געוואָרן ניט דורך די קאַפּיטאַליסטן (זיי ווענדן אָן דערוויַל אביסל גרעבערע מעטאָדן אף צו צעטיילן די ארבעטער), נאָר דורך דער אָפּאָרטוניסטישער, קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ פון עסטרײַך. אין קיין איינציקן פון די מיַרעוו־אייראָפּייִשע דעמאָקראַטישע לענדער מיט א פילפאר־ביקן נאציאָנאלן באשטאנד איז קיין זייכער ניט פאראן פון אָט דער געניאל־קליינבירגערלעכער און געניאל־נאציאָנאליסטישער אידייע. בלויז אפן מיזרעך פון אייראָפּע, אין דעם אָפּגעשטאנענעם, פעאָדאלן, קלעריקאלן, באַאמטישן עסטרײַך, ווו יעדער געזעלשאפטלעך און פּאָליטיש לעבן ווערט פאַרהאלטן דורך דער נישטיק־קליינלעכער רײַסעריַי (אפילע ערגער: קריגערײַ, געשלעג) צוליב די שפראכן, איז אופגעקומען די דאָזיקע אידייע פונעם פאַרצווייפלטן קליינבירגער. לאָמיר כאָטש פאנאנדערצאמען איינמאָל פאר אלעמאָל אלע נאציעס מיט אבסאָליוטער ריינקײַט און קאָנסעקווענטקײַט אף „נאציאָנאלע קוריעס” אין דעם שול־וועזן, אויב מע קאָן ניט שאָלעם מאכן צווישן דער קאַץ און דעם הונט!—אָט דאָס איז די פּסיכאָלאָגיע, וואָס האָט געבוירן די נארעשלעכע „קולטור־נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע”. דער פּראָלעטאריאט, וואָס באזיניקט און שעצט זײַן אינטערנאציאָנאליזם, וועט קיינמאָל ניט גיין אף דער דאָזיקער נארעשקײַט פונעם פאַרפיַנערטן נאציאָנאליזם.

ניט צופעליק איז, וואָס אין רוסלאנד האָבן אָנגענומען די „קולטור־נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע” בלויז אלע בורזשואזע פּארטייען פונעם יִדנטום, דערנאָך (אין 1907-טן יאָר) די קאָנפערענץ פון קליינבירגערלעכע, לינק־פאָלקיסטישע פּארטייען פון פארשיידענע נאציעס און, לעסאָף, די באלעבעסלדיקע, אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן פון די ביַ־מארקסיסטישע גרופּעס, ד. ה. די בונדאָווצעס און די ליקווידאטערן (די לעצטע האָבן אפילע מוירע געהאט צו טאָן דאָס דירעקט אָפן, פולשטענדיק באשטימט). ניט צופעליק איז, וואָס פון דער טריבונע פון דער גאָסודארסטווענע דומע האָבן בלויז דער נאציאָנאליסטיש־אָנגעשטעקטער האלב־ליקווידאטער טשכענקעלי און דער קליינבירגער קערענסקי גערעדט וועגן „קולטור־נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע”.

עס איז ביקלאל לעכערלעך צו לייענען ווי די ליקווידאטערן און בונדאָווצעס פארופן זיך אף עסטרײַך וועגן דער דאָזיקער פראגע. ערשטנס, פארוואָס עפּעס נעמען פאר א מוסטער דאָס אָפּגעשטאנענסטע פון די נאציאָנאל־פילפארביקע לענדער? פארוואָס ניט דאָס פאָרגעשריטנסטע? דאָס איז דאָך א מעטאָד, וואָס איז ענלעך אפן מעטאָד פון די שלעכטע רוסישע ליבעראלן, ד. ה. קאַדעטן, וועלכע זוכן מוסטערן פאר א קאָנסטיטוציע מער פון אלץ אין די אָפּגעשטאנענע לענדער, פּרײַסן, עסטרײַך, און ניט אין די פאָרגעשריטענע, ניט אין פראנקרײַך, אין דער שווייץ, אמעריקע!

צווייטנס, נעמענדיק דעם עסטרײַכישן בײַשפּיל, האָבן אים די רוסלענדישע נאציאָנאליסטישע קליינבירגער, ד. ה. בונדאָווצעס, ליקווידאטערן, לינק־פאָלקיסטן א. ד. גל., נאָך באזונדערס פאַרערגערט פון זייער זײַט. בא אונדז ווענדן אָן מער פון אלץ און אין דער ערשטער ריי אין דער פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע דעם פּלאן פון „קולטור־נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע” גראָד די בונדאָווצעס (פּליוס אלע בורזשואזע פּארטייען פונעם יִדנטום, נאָך וועלכע די בונדאָווצעס — ניט שטענדיק באנעמענדיק דאָס — שלעפּן זיך נאָך). און גראָד

אינעם היימלאנד פון דער אידייע פון „קולטור-נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע״, אין עסטרייך, האָט דער גרונטלייגער פון דער דאָזיקער אידייע, אָטאָ באוער, גע־ווידמעט א באזונדער קאפיטל פון זיין בוך צו דערווייזן, אז צו יידן איז אומעגלעך אָנצוווענדן די אידייע פון „קולטור-נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע״!

דאָס דערווייזט בעסער פון לאנגע רעדעס, ווי ווייניק עס איז קאָנסעקווענט, ווי ווייניק עס גלויבט אין זיין אייגענער אידייע אָטאָ באוער, וועלכער האָט אויסגעשלאָסן די איינציקע עקסטעריטאָריעלע (וואָס האָט ניט קיין אייגענע געגנט) נאציע פונעם פלאן פון עקסטעריטאָריעלער אווטאָנאָמיע פון נאציעס.

דאָס דערווייזט, ווי די בונדאָווצעס נעמען איבער בא אייראָפּע אלטמאָ־דישע פּלענער, פארצעמפאכנדיק די פעלערן פון אייראָפּע, דערגייענדיק ביז אן אבסורד אין דער „אנטוויקלונג״ פון די דאָזיקע פעלערן.

ווייל—דאָס איז דריטנס,—די עסטרייכישע ס. ד. האָבן אפּן צוזאמענפאָר אין ברין (1899) אָפּגעוואָרפן די פּראָגראם פון „קולטור-נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע״, וואָס איז דאָרט פאָרגעלייגט געוואָרן. זיי האָבן בלויז אָנגענומען א קאָמפּראָמיס אין דער פאָרמע פון א פארבאנד פון אלע נאציאָנאל-אָפּגעגרע־נעצטע געגנטן פון דער מעלוכע. אינעם דאָזיקן קאָמפּראָמיס איז ניטאָ ניט קיין עקסטעריטאָריעלקייט, ניט קיין צעטיילונג פון דעם שול-וועזן לויט נאציאָנאליטעטן. לויטן דאָזיקן קאָמפּראָמיס־פּראָיעקט ברעקלען ניט די פאָרגע־שריטנסטע (אין קאפּיטאליסטישער הינזיכט) ווינערטער, שטעט, פאבריקן, שאכטעס, גרויסע לאנדגיטער א. ד. גל. דעם שול-וועזן לויט נאציאָנאליטעטן!

דער רוסלענדישער ארבעטער־קלאס האָט געקעמפט און וועט קעמפן מיט דער רעאקציאָנערער, שעדלעכער, קליינבירגערלעכער, נאציאָנאליסטישער אידייע פון „קולטור-נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע״.

„זא פּראוודו״, נומ. 46, 11 דעקאבער (28 נאָיאבער) 1913.

באנד 17, זז. 92—95.

י. וו. סטאלין

# מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע

(אויסצוג)

## דער „בונד", זײַן נאַציאָנאַליזם, זײַן סעפּאַראַטיזם

מיר האָבן פריִער געזאָגט, אַז באַוער, וואָס אָנערקענט, אַז נאַציאָנאַלע אווטאָנאָמיע איז נייטיק פאַר די טשעכן, פּאָליאַקן א. אַז. וו., זאָגט זיך אַרויס, פונדעסטוועגן, קעגן אַזאַ אווטאָנאָמיע פאַר ייִדן. אויף דער פראַגע: „צי דאַרף דער ייִדישער אַרבעטער-קלאַס פאָדערן אווטאָנאָמיע פאַרן ייִדישן פאָלק?", ענטפערט באַוער, אַז „נאַציאָנאַלע אווטאָנאָמיע קען ניט זײַן קיין פאָדערונג פון די ייִדישע אַרבעטער" *. די אורזאַך איז, לויט באַוערס מיינונג, אין דעם, וואָס „די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט דערלאָזט זיי ניט (די ייִדן — י. ס.) אויפהיטן זיך, ווי אַ נאַציע" **.

קורץ געזאָגט, די ייִדישע נאַציע הערט אויף עקסיסטירן — איז, הייסט עס, ניטאָ צוליב וועמען צו פאָדערן אַ נאַציאָנאַלע אווטאָנאָמיע. די ייִדן אַסי-מילירן זיך.

די דאָזיקע מיינונג וועגן דעם גורל פון די ייִדן, ווי אַ נאַציע, איז ניט נײַ. מאַרקס האָט עס אַרויסגעזאָגט נאָך אין די פערציקער יאָרן ***, האָבנדיק אין זינען, הויפּטזאַכלעך, די דײַטשישע ייִדן. קאַוטסקי האָט עס איבערגעכאַזערט אין 1903 יאָר ****, האָבנדיק אין זינען די רוסישע ייִדן. איצט כאַזערט עס איבער באַוער וועגן די עסטרײַכישע ייִדן, מיט דעם אונטערשייד, פונדעסט-וועגן, וואָס ער לייקנט ניט די קעגנוואַרט, נאָר די צוקונפט פון דער ייִדישער נאַציע.

די אוממעגלעכקייט פאַר די ייִדן אויפצוהיטן זיך, ווי אַ נאַציע, דערקלערט באַוער דערמיט, וואָס „די ייִדן האָבן ניט קיין אָפּגעשלאָסענעם קאָלאָניזיר-געביט" *****. די דאָזיקע דערקלערונג, וואָס איז אין גרונט אַ ריכטיקע, דריקט אָבער ניט אויס דעם גאַנצן עמעס. די זאַך איז, קודעמקאָל, אין דעם, וואָס די ייִדן האָבן ניט קיין ברייטן שטאַנדהאַפטיקן מיט ערד פאַרבונדענעם שיכט,

* זע „נאַצ. פראַגע", זז. 381, 396.

** זע דאָרט, ז. 389.

*** זע זײַן „ייִדן-פראַגע", 1906.

**** זע זײַן „די קישענעווער שכיטע און די ייִדן-פראַגע", 1906.

***** זע „נאַצ. פראַגע", 383.

וואָס צעמענטירט נאטירלעכערוויַיז די נאציע ניט נאָר, ווי דער סקעלעט אירער, נאָר אויך ווי א „נאציאָנאַלער" מארק. פון 5 — 6 מיליאָן רוסישע ייִדן זיַינען נאָר 3 — 4 פראָצענט פארבונדן אזוי אָדער אנדערש מיט לאנדווירטשאפט. די איבעריקע 96% זיַינען באשעפטיקט אין האנדל, אינדוסטריע, שטאָטישע אנ-שטאלטן, ביקלאל, וווינען אין די שטעט, דערביַי, צעזייט איבער רוסלאנד, בילדן זיי אין קיין איין גובערניע ניט קיין מערהייַט.

אף אזא אופן, אריַינגעשפרענקלט אין אנדערש-נאציאָנאלע געביטן ווי נא-ציאָנאלע מינדערהייַטן, באדינען די ייִדן, דערהויפט, „פרעמדע" נאציעס סיַי ווי געווערבער, סיַי ווי הענדלער, סיַי ווי מענטשן פון פריַיע פּראָפעסיעס, צופאסנדיק זיך נאטירלעך צו די „פרעמדע נאציעס" אין זינען פון שפּראך און אנד. דאָס אלץ אין פארבינדונג מיט דער וואקסנדיקער איבערמישונג פון נאציאָנאליטעטן, וואָס איז אייגנטימלעך די אנטוויקלטע פאָרמעס פון קאפּיטא-ליזם, פירט צו אן אסימיליאציע פון די ייִדן. דאָס אָפּשאפן דעם „טכום" קען עס נאָר פארגיכערן.

ארויסגייענדיק פון דעם באקומט די פראגע וועגן נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע פאר די רוסישע ייִדן אביסל א טשיקאווון כאראקטער: מע לייגט פאָר אן אווטאָנאָמיע פאר א נאציע, וואָס איר צוקונפט ווערט געלייקנט, וואָס איר עקסיסטענץ דארף מען נאָך דערוויַיזן!

דאָך האָט דער „בונד" זיך געשטעלט אף אָט דער מאָדנער און וואקלדי-קער פּאָזיציע, ווען ער האָט אף זיַין 6-טן צוזאמענפאָר (1905) אָנגענומען א „נאציאָנאלע פּראָגראם" אין גיַיסט פון נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע.

צוויי אומשטאנדן האָבן געשטויסן דעם „בונד" צו אזא שריט.

דער ערשטער אומשטאנד — דאָס איז די עקסיסטענץ פונעם „בונד", ווי אן אָרגאניזאציע פון ייִדישע ס. ד. ארבעטער, און נאָר פון ייִדישע. נאָך פאר דעם יאָר 1897 האָבן די ס. ד. גרופּעס, וואָס האָבן געארבעט צווישן די ייִדישע ארבעטער, געשטעלט זיך א ציל צו באשאפן א „ספּעציעלע ייִדישע ארבעטער-אָרגאניזאציע" *. אין 1897 יאָר האָבן זיי אזא אָרגאניזאציע געשאפן, פאריי-קנדיק זיך אינעם „בונד". דאָס איז געווען נאָך דאן, ווען די רוסלענדישע סאָציאל-דעמאָקראטיע, ווי א גאנצע, האָט פאקטיש ניט עקסיסטירט. פון דאן אָן איז דער „בונד" אומופהערלעך געוואקסן און האָט זיך פארשפּרייט, אלץ מער אויסטייַלנדיק זיך אפּן פּאָן פון די גרויע טעג פון דער רוסלענדישער סאָציאל-דעמאָקראטיע... אָבער אָט קומען אָן די נַיַינהונדערטער יאָרן. עס הייבט זיך אָן א מאסנדיקע ארבעטער-באוועגונג. עס וואקסט די פּוילישע ס.-ד. און ציט אריַין אינעם מאסן-קאמף ייִדישע ארבעטער. עס וואקסט די רוסלענדישע ס. ד. און ציט צו זיך צו די „בונדישע" ארבעטער. די נאציאָנאלע ראמען פון „בונד", וואָס האָבן ניט קיין טעריטאָריעלע באזע, ווערן ענג. פאר'ן „בונד" שטייט די פראגע: אָדער צעשמעלצן זיך אין דער אלגעמיינער אינטערנאציאָ-נאלער כוואליע, אָדער אָפּקעמפן די אייגענע זעלבשטענדיקע עקסיסטענץ, ווי אן עקסטעריטאָריעלע אָרגאניזאציע. דער „בונד" קליַיבט אויס דאָס לעצטע.

אזוי ווערט געשאפן די טעאָריע פונעם „בונד", ווי דעם „איינציקן פאָר-שטייער פון דעם ייִדישן פּראָלעטאריאט".

* זע די פּראָטאָקאָלן פון 2-טן צוזאמענפאָר, ז. 176.

אָבער בארעכטיקן אָט די מאָדנע „טעאָריע" ווי ניט איז „פראָסט" ווערט אומעגלעך. מע מוז האָבן עפעס א „פרינציפּיעלן" אונטערשלאק, א „פרינציפּיעלע" בארעכטיקונג. אָט אזא אונטערשלאק איז עס געוואָרן די נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע. דער „בונד" האָט זיך אָנגעכאפּט פאר איר, האָבנדיק זי אנטליִען בא דער עסטרײַכישער ס. ד. וואָלטן די עסטרײַכער ניט געהאט אזא פראָגראם, וואָלט זי דער „בונד" אויסגעטראכט, קעדיי „פרינציפּיעל" צו בארעכטיקן זײַן זעלבשטענדיקע עקסיסטענץ.

אף אזא אויפן האָט דער „בונד", נאָך דעם ניט דרייסטן פּרווו אין 1901 יאָר (4-טער צוזאמענפאָר), ענדגילטיק אָנגענומען די „נאציאָנאלע פראָגראם" אין 1905 יאָר (6-טער צוזאמענפאָר).

דער צווייטער אומשטאנד — דאָס איז די באזונדערע לאגע פון די ייִדן, ווי פון באזונדערע נאציאָנאלע מינדערהײַטן אינעווייניק אין אנדערש-נאציאָנאלע קאָמפּאקטע מערהײַטן פון גאנצע געגנטן.

מיר האָבן שוין געזאָגט, אז אזא לאגע רײַסט אונטער די עקסיסטענץ פון די ייִדן, ווי א נאציע, שטעלט זיי אפן וועג פון אסימיליאציע. אָבער דאָס איז א פּראָצעס אן אָביעקטיווער. סוביעקטיוו, אין קאָפּ בא די ייִדן, רופט ער ארויס א רעאקציע און שטעלט די פראגע וועגן גאראנטירן די רעכט פון דער נאציאָנאלער מינדערהײַט, וועגן א גאראנטיע פון אסימיליאציע.

פריידיקנדיק די לעבן-פייִקײַט פון דער ייִדישער נאציאָנאליטעט, האָט דער „בונד" ניט געקענט ניט שטעלן זיך אפן שטאנדפּונקט פון „גאראנטיע". און האָט ער זיך געשטעלט אף אזא פּאָזיציע, האָט ער ניט געקענט ניט אָנעמען די נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע. ווארעם, אויב דער „בונד" האָט זיך שוין געקענט אָנכאפּן פאר עפּעס אן אווטאָנאָמיע, איז נאָר פאר א נאציאָנאלער, ד. ה. קולטור-נאציאָנאלער (וועגן א טעריטאָריעל-פּאָליטישער אווטאָנאָמיע פאר ייִדן, האָט קיין רייד ניט געקאָנט זײַן, ווארעם ייִדן האָבן ניט קיין באשטימטע גאנצע טעריטאָריע).

כאראקטעריסטיש איז, אז דער „בונד" האָט פון אָנהייב אָן אונטערגעשטראָכן דעם כאראקטער פון דער נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע, ווי א גאראנטיע פון די רעכט פון די נאציאָנאלע מינדערהײַטן, ווי א גאראנטיע פאר דער „פרײַער" אנטוויקלונג פון די נאציעס. ניט צופעליק איז אויך דאָס, וואָס דער פאָרשטייער פון „בונד" אפן 2-טן צוזאמענפאָר פון דער רוסלענדישער ס. ד. גאָלדבלאט האָט פאָרמולירט די נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע ווי „אנשטאלטן, וואָס גאראנטירן זיי (די נאציעס — י. ס.) פולע פרײַהײַט פון קולטורעלער אנטוויקלונג" *.

פונקט אזא פאָרשלאָג האָבן ארײַנגעטראָגן אין דער פערטער ס. ד. דומישער פראקציע די אָנהענגער פון די אידייעס פון „בונד"...

אָט אזוי האָט זיך דער „בונד" געשטעלט אף דער מאָדנער פּאָזיציע פון נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע פאר ייִדן.

פריִער האָבן מיר פאנאנדערגעקליבן די נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע ביקלאל. דער אנאליז האָט געוויזן, אז נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע פירט צו נאציאָנאליזם.

* זע „פּאָרמעס פון נאציאָנאלער באוועגונג" אונטער דער רעדאקציע פון קאסטעליאנסקי, ז. 772.

שפעטער וועלן מיר זען, אז דער „בונד" איז געקומען אויך צו אזא סאָף. אָבער דער „בונד" באטראכט די נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע נאָך פון א ספּעציעלער זייט, פון דער זייט פון גאראנטירן די רעכט פון נאציאָנאלע מינדערהייטן. לאָמיר פאנאנדערקלייבן די פראגע פון אָט דער ספּעציעלער זייט. דאָס איז נאָך מער נייטיק, ווייל די פראגע וועגן נאציאָנאלע מינדערהייטן — און ניט נאָר די יידישע — האָט פאר דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע אן ערנסטע באדייטונג.

איז הייסט עס, „אן אנשטאלט, וואָס גאראנטירט" די נאציעס „פולע פרייהייט פון קולטורעלער אנטוויקלונג" (אונדזער קורסיוו — י. ס.).

וואָס זשע איז דאָס אָבער פאר אן אנשטאלט, וואָס „גאראנטירט" און אז. וו. ?

דאָס איז קוידעמקאָל שפּרינגער-באַוערס „נאציאָנאלער ראט", א מין סיים פאר קולטור-איניאָנים.

אָבער צי קענען אָט די אנשטאלטן גאראנטירן „די פולע פרייהייט פון קולטורעלער אנטוויקלונג" פאר די נאציעס? צי קענען וואָסערע עס איז סיימען פאר קולטור-איניאָנים גאראנטירן די נאציעס פון נאציאָנאליסטישע רעפּרעסיעס?

דער „בונד" מיינט, אז זיי קענען.

אָבער די געשיכטע זאָגט פונקט פארקערט.

אין רוסישן פוילן האָט א געוויסע צייט עקסיסטירט א סיים, א סיים א פּאָליטישער, און ער האָט, פארשטייט זיך, געסטארעט זיך גאראנטירן די פרייהייט פון „קולטורעלער אנטוויקלונג" פאר די פּאָליאקן, ער האָט אָבער ניט נאָר גאָרנישט ניט באוויזן אופצוטאָן אין דעם, נאָר פארקערט, ער איז אליין געפאלן אין דעם אומגלייכן קאמף מיט די אלגעמיין-פּאָליטישע באדינגונגען אין רוסלאנד.

אין פינלאנד עקסיסטירט שוין לאנג א סיים, וואָס סטארעט זיך אויך צו פארטיידיקן די פינישע נאציאָנאליטעט פון „אטענטאטן", אָבער צי גיט זיך אים איין פיל אופצוטאָן אין דער ריכטונג—דאָס זעען אלע.

פארשטייט זיך, א סיים צו א סיים איז ניט גלייך, און מיט דעם דעמאָקראטיש אָרגאניזירטן פינלענדישן סיים איז ניט אזוי גרינג צו ספּראווען זיך, ווי מיט דעם אריסטאָקראטישן פוילישן. אָבער דאָס באשליסנדיקע דאָ איז אלץ טאקע ניט דער סיים גופע, נאָר די אלגעמיינע אָרדענונג אין רוסלאנד: וואָלטן איצט געווען אין רוסלאנד פונקט אזעלכע גראָב אזיאטישע געזעלשאפטלעך-פּאָליטישע אָרדענונגען, ווי אמאָל, אין די יאָרן ווען עס איז אָפּגעשאפט געוואָרן דער פוילישער סיים, וואָלט דער פינלענדישער סיים געהאט אויסצושטיין פיל ערגערס. אכוץ דעם, איז די פּאָליטיק פון „אטענטאטן" אף פינלאנד וואקסט און מע קען ניט זאָגן, אז זי זאָל ליידן א מאפּאָלע...

אויב אזוי איז די לאגע מיט אלטע היסטאָריש אויסגעבילדעטע אנשטאלטן,— מיט פּאָליטישע סיימען, איז נאָך מער ניט מעגלעך, אז עס זאָלן גאראנטירן די פרייע אנטוויקלונג פון דער נאציע יונגע סיימען, יונגע אנשטאלטן, און נאָך דערצו אזעלכע שוואכע, ווי „קולטור"-סיימען.

די זאך איז, קענטיק, ניט אין די „אנשטאלטן", נאָר אין די אלגעמיינע אָרדענונגען אין לאנד. איז ניטאָ אין לאנד קיין דעמאָקראטיזאציע—איז ניטאָ אויך קיין גאראנטיע פאר דער „נאציאָנאלער אנטוויקלונג". מע קען מיט זיכער-

קײַט זאָגן, אז וואָס דעמאָקראטישער א לאנד, אלץ ווייניקער „אטענטאטן" אף דער „פרײַהײַט פון נאציאָנאליטעטן", אלץ מער גאראנטיעס פון „אטענטאטן".

רוסלאנד איז א לאנד א האלב־אזיאטישע און דעריבער נעמט דאָרט אָן די פּאָליטיק פון „אטענטאטן" ניט זעלטן די סאמע גראָבע פאָרמעס, די פאָרמעס פון פּאָגראָם. עס איז איבעריק צו ריידן, אז די „גאראנטיעס" זײַנען דערפירט אין רוסלאנד ביזן לעצטן מינימום.

דײַטשלאנד איז שוין אייראָפּע, מיט מער אָדער ווייניקער פּאָליטישער פרײַהײַט,— איז קיין וווּנדער ניט, וואָס די פּאָליטיק פון „אטענטאטן" נעמט דאָרט קיינמאָל ניט אָן די פאָרמע פון א פּאָגראָם.

אין פראנקרײַך, פארשטייט זיך, איז, דאָ נאָך מער „גאראנטיעס", וואָרעם פראנקרײַך איז דעמאָקראטישער פון דײַטשלאנד.

מיר ריידן שוין ניט וועגן דער שווייץ, ווו אדאנק דער הויכער, כאָטש אפילע בורזשואזער דעמאָקראטישקײַט, עס לעבט זיך די נאציאָנאליטעטן פרײַ—אלצאיינס צי שטעלן זיי מיט זיך פאָר א מינדערהײַט צי א מערהײַט.

הייסט עס, דער „בונד" שטייט אף א פאלשן וועג, ווען ער באהויפּט, אז „אנשטאלטן" אליין גענומען קענען גאראנטירן די פולשטענדיקע קולטורעלע אנטוויקלונג פון די נאציאָנאליטעטן.

מע קען אָנווײַזן, אז דער „בונד" האלט אליין די דעמאָקראטיזירונג פון רוסלאנד פאר א פאָרויסיקן באדינג פאר דער „באשאפונג פון אנשטאלטן" און דער גאראנטיע פון פרײַהײַט. דאָס איז אָבער ניט ריכטיק. פון דעם „באריכט וועגן דער 8־טער קאָנפערענץ פון „בונד" איז צו זען, אז דער „בונד" רעכנט צו דערשלאָגן זיך די „אנשטאלטן" אפן גרונט פון די איצטיקע אָרדענונגען אין רוסלאנד, אפן וועג פון רעפאָרמירן די יידישע קעהילע.

„די קעהילע, האָט געזאָגט אף דער דאָזיקער קאָנפערענץ איינער פון די לידערס פון „בונד", קען ווערן דער קערן פון דער צוקונפטיקער קולטור־נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע. די קולטור-נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע איז א פאָרמע פון זעלבסטבאדינונג פון דער נאציע, א פאָרמע פון באפרידיקן די נאציאָנאלע אדערפענישן. אונטער דער פאָרמע פון דער קעהילע איז באהאלטן דער זעלביקער אינהאלט. דאָס זײַנען רינגען פון איין קייט, עטאפּן פון איין עוואָליוציע" *.

ארויסגייענדיק פון דעם, האָט די קאָנפערענץ באשטימט, אז מע דארף קעמפן „*פאר רעפאָרמירן די יידישע קעהילע און פארוואנדלען זי אף א געזעצגעבערישן וועג אין א וועלטלעכן אנשטאלט", דעמאָקראטיש אָרגאניזירט*** (אונדער קורסיוו — י. ס.).

עס איז קלאָר, אז פאר א באדינג און גאראנטיע האלט דער „בונד" ניט די דעמאָקראטיזירונג פון רוסלאנד, נאָר דעם צוקונפטיקן „וועלטלעכן אנשטאלט" פון די יידן, וואָס וועט זיך באקומען דורכן „רעפאָרמירן די יידישע קעהילע", אזוי צו זאָגן, אין א „געזעצגעבערישן" סיידער, דורך דער דומע.

אָבער מיר האָבן שוין געזען, אז „אנשטאלטן" אליין, אָן דעמאָקראטישע אָרדענונגען אין דער גאנצער מעלוכע, קענען ניט דינען פאר קיין „גאראנטיעס".

* זע „2-טער באריכט וועגן דער 8־טער קאָנפערענץ פון „בונד", 1911, ז. 62.

** זע דאָרט, זז. 83—84.

נו, און ווי איז פונדעסטוועגן, בא דער צוקונפטיקער דעמאָקראַטישער אָרדענונג, צי וועלן זיי ניט זײַן נייטיק, לעפּאָכעס, באם דעמאָקראַטיזם ספּעציעלע „קולטור“-אַנשטאַלטן, וואָס זאָלן „גאַראַנטירן“ א. אז. וו.? ווי איז דאָ די לאַגע, צום בײַשפּיל, אין דער דעמאָקראַטישער שווייץ? זײַנען דאָרט פאַראַן ספּעציעלע קולטור־אַנשטאַלטן, אשטייגער ווי דער שפּרינגערישער „נאַציאָנאַלער ראַט“? דאָרט זײַנען זיי ניטאָ. אָבער צי לײַדן ניט איבער דעם די קולטור־אינטערעסן, צום בײַשפּיל, פון די איטאַליענער, וואָס זײַנען דאָרט א מינדער־הייט? עפּעס הערט זיך ניט. און דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך: די דעמאָקראַטיע אין דער שווייץ מאַכט איבעריק וואָסערע ניט איז ספּעציעל-קולטורעלע „אַנשטאַלטן“, וואָס „גאַראַנטירן“ קלוימערשט א. אז. וו.

איז הייסט עס, אָנמעכטיקע אין דער קעגנוואַרט, איבעריקע אין דער צו־קונפט—אָט אַזעלכע זײַנען די „אַנשטאַלטן“ פון דער קולטור-נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע, אזוי איז די נאַציאָנאַלע אווטאָנאָמיע.

זי ווערט שוין אָבער שעדלעך, ווען מע בינדט זי אָן א „נאַציע“, וואָס איר עקסיסטענץ און צוקונפט איז אונטער א סאָפעק. אין אַזעלכע פאַלן קומט אויס די אָנהענגער פון נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע אָפּצוהיטן און קאָנסערווירן אַלע באַזונדערקײַטן פון דער „נאַציע“, ניט נאָר די נוצלעכע, נאָר אויך די שעד־לעכע—אבי נאָר צו „ראַטעווען“ די נאַציע פון אַסימילאַציע, אבי נאָר צו „פאַר־היטן“ זי.

אויף אָט דעם געפערלעכן וועג האָט דער „בונד“ אומפאַרמײַדלעך געמוזט אַרויפ־טרעטן. און ער איז טאַקע אַרויפגעטראָטן. מיר מיינען דאָ די באַוווּסטע באַשטימונגען פון די לעצטע קאָנפערענציעס פון „בונד“ וועגן „שאַבעס“, „זשאַר־גאָן“ און אנד...

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וויל זיך דערשלאָגן דאָס רעכט פון דער מוטער־שפּראַך פאַר אַלע נאַציעס, אָבער דער „בונד“ שטעלט זיך דערמיט ניט צופרידן,— ער פאָדערט, אז „מ י ט א ב א ז ו נ ד ע ר ד ר י נ ג ל ע כ ק ײַ ט“ זאָל מען אויס־קעמפן „ד י ר ע כ ט פ ו ן ד ע ר י י ד י ש ע ר ש פּ ר א ך“ (אונדזער קור־סיוו — י. ס.)*, דערבײַ גיט אָפּ דער „בונד“ אַליין, בא די וואַלן אין דער 4-טער דומע, „דעם פאָרצוג יענע פון זיי (ז. ה. פון די וואַלמענער), וואָס וועלן זיך פאַרפּליכטן פאַרטיידיקן די רעכט פון דער יידישער שפּראַך“ **.

ניט דאָס אַלגעמיינע רעכט פון מוטערשפּראַך, נאָר דאָס ב א ז ו נ ד ע ר ע רעכט פון דער יידישער שפּראַך, פון זשאַרגאָן! זאָלן די אַרבעטער פון באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן קעמפן פריער פון אַלץ פאַר דער אייגענער שפּראַך: יידן פאַר דער יידישער, גרוזינער פאַר דער גרוזינישער א. אז. וו.,—דער קאַמף פאַר דעם אַלגעמיינעם רעכט פון אַלע נאַציעס—איז א זאַך א צווייטראַנגיקע. איר קענט אײַך ניט אָנערקענען דאָס רעכט פון דער מוטערשפּראַך פון אַלע נאַציעס פון די אונטערגעדריקטע נאַציאָנאַליטעטן, האָט איר אָבער אָנערקענט דאָס רעכט פון זשאַרגאָן, טאָ קענט איר שוין וויסן: דער „בונד“ וועט שטימען פאַר אײַך, דער „בונד“ וועט אײַך „אָפּגעבן דעם פאָרצוג“.

* זע „באַריכט וועגן דער 8-טער קאָנפערענץ פון „בונד“, ז. 85.

** זע „באַריכט וועגן דער 9-טער קאָנפערענץ פון „בונד“, 1912 י., ז. 42.

אָבער מיט וואָס שיידט זיך דאן אונטער דער „בונד“ פון בורזשואזע נאַציאָנאליסטן?

די סאָציאַל-דעמאָקראטיע וויל זיך דערשלאָגן סע זאָל איינגעשטעלט ווערן איין אָבליגאטערישער רו-טאָג אין וואָך, דער „בונד“ אָבער שטעלט זיך ניט צופרידן דערמיט, ער פאָדערט, אז „אף א געזעצגעבערישן אויפן“ זאָל „גע-זיכערט ווערן דעם יידישן פראָלעטאריאט דאָס רעכט צו פייערן שאבעס, און אָפּשאפן דעם צוואנג צו פייערן אויך אן אנדער טאָג“ *.

מע דארף רעכענען, אז דער „בונד“ וועט מאכן א „שריט פאָרויס“ און וועט פאָדערן דאָס רעכט צו פייערן אלע אלטע יידישע יאָנטויוים. און אויב די יידישע ארבעטער האָבן, צום אומגליק פון „בונד“, אָפּגעזאָגט זיך פון פאָרור-טיילן און ווילן ניט פייערן, וועט דער „בונד“ מיט זיין אגיטאציע פארן „רעכט אף שאבעס“ זיי דערמאָנען וועגן שאבעס, קולטיווירן בא זיי, אזוי צו זאָגן, דעם „שאבעסדיקן גייסט“.

עס זיינען דעריבער גאנץ פארשטענדלעך די „פלאמענדיקע רעדעס“ פון די אָראטערן אף דער 8-טער קאָנפערענץ פון „בונד“ מיט דער פאָדערונג פון „יידישע שפיטאָלן“, דערביי האָט מען די דאָזיקע פאָדערונג באגרינדעט דער-מיט, וואָס „דער כוילע פילט זיך בעסער צווישן אייגענע“, אז „א יידישער ארבעטער וועט זיך פילן שלעכט צווישן פוילישע ארבעטער, ער וועט זיך פילן גוט צווישן יידישע קרעמער“... **

אופהיטן אלץ וואָס איז יידיש, קאָנסערווירן אלע נאציאָנאלע באזונדער-קייטן פון די יידן, ביז די אויסגעשפראָכן שעדלעכע פארן פראָלעטאריאט אריינגערעכנט, אָפּגרענעצן די יידן פון אלץ, וואָס איז ניט יידיש, אפילע שפיטאָלן באזונדערע איינאָרדענען,—אָט צו וואָס דער „בונד“ האָט זיך ארויפּ-געלאָזן.

דער כ׳ פּלעכאנאָוו איז געווען טויזנט מאָל גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אז דער „בונד“ „פּאסט צו דעם סאָציאַליזם צום נאציאָנאליזם“. פארשטייט זיך, וול. קאָסאָווסקי און נאָך אזעלכע בונדאָווצעס ווי ער קענען זיך זידלען פּלעכאנאָוון מיטן נאָמען „דעמאגאָג“ ***,—פּאפיר פארטראָגט אלץ, — אָבער די וואָס זיינען באקאנט מיט דער טעטיקייט פון „בונד“ איז ניט שווער צו פאר-שטיין, אז אָט די דרייסטע מענטשן האָבן פּאָשעט מוירע צו זאָגן דעם עמעס וועגן זיך, און פארשטעלן זיך מיט שטארקע רייד וועגן „דעמאגאָגיע“...

אָבער, פארבלייבנדיק אף אזא פּאָזיציע אין דער נאציאָנאלער פראגע, האָט דער „בונד“, נאטירלעך, אויך אין דער אָרגאניזאציאָנעלער פראגע געדארפט זיך שטעלן אפן וועג פון אָפּזונדערן די יידישע ארבעטער, אפן וועג פון נא-ציאָנאלע קוריעס אין דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע. אזא איז שוין די לאָגיק פון נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע.

און ווירקלעך, פון דער טעאָריע פון „איינציקער פאָרשטייערשאפט“ גייט דער „בונד“ אריבער צו דער טעאָריע פון „נאציאָנאלער פאנאנדערגרענעצונג“

* זע „באריכט וועגן דער 8-טער קאָנפערענץ פון „בונד“, ז. 83.

** דאָרט, ז. 68.

*** זע „נאשא זאריא“, 1912, נומ. 9—10, ז. 120.

פֿון די אַרבעטער. דער „בונד" פֿאָדערט פֿון דער רוסלענדישער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע, אַז זי „זאָל דורכפֿירן אין איר אָרגאַניזאַציִאָנעלער סטרוקטור אַ צעגרענעצונג לויט נאַציִאָנאַליטעטן" *.

פֿון „פֿאַנאַנדערגרענעצונג" ווידער מאַכט ער אַ „שריט פֿאָרויס" צו דער טעאָריע פֿון אָפּזונדערן זיך. ניט אומזיסט הייבן זיך אָן אויף דער 8־טער קאָנפֿערענץ פֿון „בונד" געלאָזט הערן רעדעס וועגן דעם, אַז אין „דער אָפּזונדערונג איז די נאַציִאָנאַלע עקסיסטענץ" **.

דער אָרגאַניזאַציִאָנעלער פֿעדעראַליזם פֿאַרבאָרגט אין זיך עלעמענטן פֿון צעלייגונג און סעפּאַראַטיזם. דער „בונד" גייט צו סעפּאַראַטיזם.

און, אייגנטלעך, אַנדערשוווּ האָט ער טאַקע ניט וווּהין צו גיין. זײַן עקסיסטענץ גופֿא, ווי אַן עקסטעריטאָריִעלע אָרגאַניזאַציע, טרײַבט אים אָפּ אויפֿן וועג פֿון סעפּאַראַטיזם. דער „בונד" האָט ניט קיין באַשטימטע גאַנצע טעריטאָריע, ער איז טעטיק אויף „פֿרעמדע" טעריטאָריעס, אין דער צײַט, ווען די פּוילישע, די לעטישע און רוסלענדישע סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס באַרירן זיך מיט אים, זײַנען אינטערנאַציִאָנאַל־טעריטאָריִעלע קאָלעקטיוון. אָבער דאָס פֿירט דערצו, אַז יעדער פֿאַרברייטערונג פֿון די דאָזיקע קאָלעקטיוון באַטײַט אַ „פֿאַרלוסט" פֿאַרן „בונד", אַ פֿאַרשמעלערונג פֿון זײַן טעטיקייט־פֿעלד. איינס פֿון די צוויי: אָדער די גאַנצע רוסלענדישע סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע דאַרף זיך איבערבויען אויף די פּרינציפּן פֿון נאַציִאָנאַלן פֿעדעראַליזם, — און דאַן קריגט דער „בונד" אַ מעגלעכקייט צו „פֿאַרזיכערן" פֿאַר זיך דעם יידישן פּראָלעטאַריִאַט; אָדער עס בלײַבט אין קראַפֿט דער טעריטאָריִעל־אינטערנאַציִאָנאַלער פּרינציפּ פֿון די דאָזיקע קאָלעקטיוון, — און דאַן בויט זיך איבער דער „בונד" אויף פּרינציפּן פֿון אינטערנאַציִאָנאַלקייט, ווי דאָס איז אין דער פּוילישער און לעטישער ס. ד.

דערמיט דערקלערט זיך עס, וואָס דער „בונד" פֿאָדערט פֿון אָנהייב אָן, אַז „די רוסלענדישע ס. ד. זאָל זיך איבערפֿאָרמירן אויף פֿעדעראַטיווע יעסוידעס" ***.

אין 1906־טן יאָר האָט דער „בונד", נאָכגעבנדיק דער פֿאַרייניקונג־כוואַליע פֿון אונטן, אויסגעקליבן אַ מיטעלן וועג, אַרײַנטרעטנדיק אין דער רוסלענדישער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע. אָבער ווי איז ער אַרײַנגעטראָטן אַהין? אין דער צײַט, ווען די פּוילישע און לעטישע סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע זײַנען אַרײַנגעטראָטן צוליב פֿרידלעכער צוזאַמענדיקער אַרבעט, איז דער „בונד" אַרײַן מיטן ציל צו פֿירן מילכאָמע פֿאַר פֿעדעראַציע. דער לידער פֿון די בונדאָווצעס מעדעם האָט אַזוי טאַקע דאַן געזאָגט:

„מיר גייען ניט צוליב אַן אידיליע, נאָר צוליב קאַמף. קיין אידיליע איז ניטאָ, און וואַרטן אויף דעם אין דער נאָענטער צוקונפֿט קענען נאָר מאַגילאָווס. דער „בונד" דאַרף אַרײַנטרעטן אין פּאַרטיי באַוואָפֿנט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס" ****.

* זע „מעלדונג וועגן 7־טן צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד", ז. 7.

** זע „באַריכט וועגן דער 8־טער קאָנפֿערענץ פֿון „בונד", ז. 72.

*** זע „צו דער פֿראַגע וועגן נאַצ. אויט. און דער איבערפֿאָרמירונג פֿון דער רוסל. סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע אויף פֿעדעראַטיווע יעסוידעס". אויסגאַבע פֿון „בונד".

**** זע „נאַשע סלאָוואָ", נום. 3, ז. 24, ווילנע, 1906.

עס וואָלט געווען אַ טאָעס איינצוזען אין דעם מעדעמס בייזע ראַליע. די זאַך איז ניט אין בייזן ווילן, נאָר אין דער ספּעציעלער פּאָזיציע פון „בונד", וואָס צוליב דעם קען ער ניט ניט קעמפן מיט דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס איז געבויט אויף די יעסוידעס פון אינטערנאַציאָנאַליזם. קעמפנדיק אָבער מיט איר, האָט דער „בונד" נאַטירלעכערווייז געשטערט די אינטערעסן פון אייניקייט. צום סאָף דערגייט די זאַך אַזוי ווייט, אַז דער „בונד" צערייסט פאָרמעל מיט דער רוסלענדישער ס. ד., ברעכנדיק דעם סטאַטוט און פאַראייניקנדיק זיך אויף די וואַלן אין דער 4-טער דומע מיט די פּוילישע נאַציאָנאַליסטן קעגן די פּוילישע ס. ד.

דער „בונד" האָט, קענטיק, איינגעפונען, אַז אַן איינרייס איז די בעסטע גאַראַנטיע פאַר זיין זעלבסטשטענדיקייט.

אַזוי האָט דער „פּרינציפּ" פון אָרגאַניזירטער „צעגרענעצונג" געבראַכט צו סעפּאַראַטיזם, צו אַ פולשטענדיקן איינרייס.

פּאָלעמיזירנדיק וועגן פעדעראַליזם מיט דער אַלטער „איסקראַ", האָט דער „בונד" אַמאָל געשריבן:

„די „איסקראַ" וויל אונדז פאַרזיכערן, אַז פעדעראַטיווע באַציִונגען פונעם „בונד" צו דער רוסלענדישער ס. ד. דאַרפן אָפּשוואַכן די פאַרבינדונגען צווישן זיי. מיר קענען ניט אָפּלייקענען די דאָזיקע מיינונג, פאַרופנדיק זיך אויף דער פּראַקטיק אין רוסלאַנד, צוליב דעם פּאָשעטן טאַם, וואָס די רוסלענדישע ס. ד. עקסיסטירט ניט ווי אַ פעדעראַטיווע פאַראייניקונג. מיר קענען זיך אָבער פאַרופן אויף דער העכסט באַלערעוודיקער דערפאַרונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין עסטרייך, וואָס האָט אָנגענומען אַ פעדעראַטיוון כאַראַקטער אויפן גרונט פונעם באַשלוס פון פּאַרטיי-טאָג אין 1897 יאָר" *.

דאָס איז געווען געשריבן אין 1902 י.

אָבער איצט האָבן מיר דעם יאָר 1913. מיר האָבן איצט אי די רוסלענדישע „פּראַקטיק", אי די „דערפאַרונג פון דער ס. ד. אין עסטרייך".

וואָס זשע זאָגן זיי?

לאָמיר אָנהייבן פון דער „העכסט באַלערעוודיקער דערפאַרונג פון דער ס. ד. אין עסטרייך". נאָך ביז דעם יאָר 1906 עקסיסטירט אין עסטרייך אַן איינהייטלעכע ס. ד. פּאַרטיי. אין אָט דעם יאָר פאָדערן צום ערשטן מאָל די טשעכן אויפן לאָנדאָנער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אַ באַזונדער פאַרטרעטער-שאַפט און קריגן עס. אין 1897 יאָר, אויפן ווינער פּאַרטיי-טאָג (אין ווימבערג), ווערט די איינהייטלעכע פּאַרטיי פאָרמעל ליקווידירט, און עס ווערט אָנשטאָט איר איינגעשטעלט אַ פעדעראַטיווער פאַרבאַנד פון זעקס נאַציאָנאַלע ס. ד. גרופּעס. ווייטער ווערן די דאָזיקע „גרופּעס" פאַרוואַנדלט אין זעלבשטענדיקע פּאַרטייען. די פּאַרטייען צערייסן ביסלעכווייז די פאַרבינדונג צווישן זיך. נאָך די פּאַרטייען ווערט צעריסן די פּאַרלאַמענטישע פראַקציע — עס ווערן אויסגעבילדעט נאַציאָנאַלע „קלובן". ווייטער גייען די פאַריינען, וואָס ווערן אויך צעבראָקלט לויט די נאַציאָנאַליטעטן. עס דערגייט אַפילו ביז די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס די טשעכישע סעפּאַראַטיסטן רופן די אַרבעטער צו צעבראָקלען זיי**.

* זע „צו דער פראגע וועגן נאצ. אווטאָנאָמיע", 1902, ז. 17. אויסגאַבע פון „בונד".

** זע אין „Documente des Separatismus", אַ וואָרט פון באַנעקס בראַשור, ז. 29.

מיר ריידן שוין ניט פון דעם, וואָס די סעפּאַראַטיסטישע אַגיטאַציע שוואַכט אָפּ בײַ די אַרבעטער דאָס געפיל פון סאָלידאַרקײַט, שטויסנדיק זיי ניט זעלטן אַפן וועג פון שטרײַקברעכערײַ.

הייסט עס, „די העכסט באַלערעוודיקע דערפאַרונג פון דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע אין עסטרײַך" רעדט *קעגן* „בונד", פאַר דער אַלטער „איסקראַ". דער פעדעראַליזם אין דער עסטרײַכישער פּאַרטיי האָט געבראַכט צום העסלעכסטן סעפּאַראַטיזם, צו צעשטערן די איינהײַטלעכקײַט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

מיר האָבן פריִער געזען, אַז „די פּראַקטיק אין רוסלאַנד" זאָגט אויך דאָס זעלביקע. די בונדישע סעפּאַראַטיסטן, פּונקט אַזוי ווי די טשעכישע, האָבן צעריסן מיט דער אַלגעמיינער רוסלענד. סאָצ.־דעמאָקראַטיע. וואָס איז שײַך די פּאַרייגען, די בונדישע פּאַרייגען, זײַנען זיי פון אָנהייב אָן אָרגאַניזירט געוואָרן אויף די יסודות פון נאַציִאָנאַליטעט, ד. ה., זיי זײַנען געווען אָפּגעריסן פון די אַרבעטער פון אַנדערע נאַציִאָנאַליטעטן.

אַ פולשטענדיקע אָפּזונדערונג, אַ פולשטענדיקער אײַנרײַס — אָט וואָס עס ווײַזט די „רוסישע פּראַקטיק" פון פעדעראַליזם.

עס איז קיין וווּנדער ניט, אַז אַזאַ לאַגע ווירקט זיך אָפּ אויף די אַרבעטער מיט אַן אָפּשוואַכונג פון דעם געפיל פון סאָלידאַרקײַט און מיט אַ דעמאָראַליזאַציע, דערבײַ דרינגט אַרײַן די לעצטע אויך אינעם „בונד". מיר מיינען דאָ די אַלץ אָפטער ווערנדיקע צוזאַמענשטויסן צווישן די ייִדישע און פּוילישע אַרבעטער אַפן באָדן פון אַרבעטלאָזיקײַט. אָט וואָס פאַר אַ רייד עס האָבן זיך געלאָזט הערן וועגן דעם אויף דער 9־טער קאָנפערענץ פון „בונד":

...„מיר באַטראַכטן די פּוילישע אַרבעטער, וואָס שטויסן אונדז אַרויס, ווי פּאָגראָמשטשיקעס, ווי געלע, מיר שטיצן ניט זייערע שטרײַקן, מיר רײַסן זיי אַרונטער. צווייטנס, מיר ענטפערן אויף אַרויסשטויסן מיט אַרויסשטויסן: ווי אַן ענטפער אַפן ניט דערלאָזן קיין ייִדישע אַרבעטער אויף די פאַבריקן, דערלאָזן מיר ניט קיין פּוילישע אַרבעטער צו די האַנט־וואַרשטאַטן. *אויב מיר וועלן ניט נעמען אָט די זאַך אין די אייגענע הענט, וועלן די אַרבעטער גיין נאָך אַנדערע*"* (אונדזער קורסיוו — י. ס.).

אָט אַזוי רעדט מען וועגן סאָלידאַרקײַט אויף דער בונדישער קאָנפערענץ.

אין „פונאַנדערגרענעצן" און „אָפּזונדערן" איז ווײַטער ניטאָ וווּהין צו גיין. דער „בונד" האָט דערגרייכט דעם ציל: ער צעגרענעצט די אַרבעטער פון פאַרשיידענע נאַציִאָנאַליטעטן ביז געשלעג, ביז שטרײַקברעכערײַ. מע קען ניט אַנדערש: „אויב מיר וועלן ניט נעמען אָט די זאַך אין די אייגענע הענט, *וועלן די אַרבעטער גיין נאָך אַנדערע*..."

דעזאָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, דעמאָראַליזאַציע אין די רייען פון דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע — אָט וווּהין עס ברענגט דער בונדישער פעדעראַליזם.

אויף אַזאַ אופן, האָט די אידייע פון נאַציִאָנאַלער אויטאָנאָמיע, די אַטמאָספער, וואָס זי באַשאַפט, אַרויסגעוויזן זיך נאָך מער שעדלעך אין רוסלאַנד, איידער אין עסטרײַך.

---

* זע „באַריכט וועגן דער 9־טער קאָנפערענץ פון „בונד", ז. 19.

# אינהאלט

זײַט




Друкарня Беларускае Акадэміі Навук. Няміга, 7.

Галоўлітбел № В—141. Заказ № 1047. Тыр. 3500 экз. 5 арк.